# קינדער

## אנפאנגער לערנבוך
## פארן ערשטן יאר

צווייטע רעווידירטע אויפלאגע

צוזאמענגעשטעלט פון:

ה. טאראנט און ב. פרידמאן



פארלאג
אינטערנאציאנאלער ארבעטער ארדן
32 יוניאן סקווער
ניו יארק, 1931.

# צו די לערער

מיר האָבן זיך באַמיט צוזאַמענצושטעלן דאָס בוך אַזוי, אַז דער לערער זאָל דאַרפֿן אָנווענדן דעם מינימום אָנווייזונגען פֿאַרן קינד; און דער זעלבער צייט, זאָל דאָס לערנען לייענען און שרייבן פֿאַרקומען מיט דער גרעסטער עקאָנאָמיע פֿון קרעפֿטן און צייט. די וויכטיקייט דערפֿון פֿאַר אונזער שול נייטיקט זיך ניט דערווייזן צו ווערן.

דאָס בוך שטיצט זיך אויף יידישן מעטאָד. דאָס קינד לערנט זיך פֿריער אויס צו דערקענען א גאַנצן וואָרט. באַלד נאָכדעם קען עס שוין צוגעוואוינען זיך צו איינצלנע ווערטער אין זאַץ. די פֿאָנעטיקאַך זיינען אַריינגעשטעלט אַנשטאָט די ווערטער, וואָס וואָלטן פֿון אָנהייב געווען צו קאָמפּליצירט זיי איבערצולערנען. די קינדער קענען אַליין צוזאַמענשטעלן פֿאָנעטישע ווערטער אַף אַריינצושטעלן.

דער מאַטעריאַל איז אָבער ניט צוגעפּאַסט ספּעציעל צו איין מעטאָדע. ער איז בייגעוודיק און גיט דעם לערער א מעגלעכקייט צו נוצן אויך אַנדערע מעטאָדעס, וועלכע זיינען פֿאַר אים באַקוועמער.

די ערשטע ווייטלאַך אַנטהאַלטן איבונגען, וועלכע גיבן דעם קינד א געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט איינצלנע קלאַנגען. אַנשטאָט צו געבן דעם קינד א פֿאַרטיקן קלאַנג, גיבן מיר אים אַן אַרבעט: אַריינצושרייבן אָדער אַריינצוקלעפּן אין די קעסטלאַך די אותיות, וועלכע פֿעלן, כּדי צו דערפֿילן א וואָרט, וואָס איז איבערגעלערנט געוואָרן אַף דעם באַטרעפֿנדיקן ווייטל. די אותיות אַף אַריינצוקלעפּן קענען די קינדער אַרויסשניידן פֿון צייטונגען. מען קען זיי אויך צייכענען לויט דעם סכעמאַטיש געדרוקטן אַלף־בית, וועלכער ווערט צוגעגעבן אַף א באַזונדערן ווייטל.

מיר רעקאָמענדירן, אַז יעדעס קינד זאָל האָבן בײַ זיך א מין נאָטיצבוך, מיט גייטע ליניירטן פּאַפּיר (א חוץ דעם העפֿט). אין דעם בוך קען דאָס קינד דורכפֿירן דאָס מאָלן, שרייבן און אַפֿילו קלעפּן (אויב זיי ווילן ניט נוצן פֿאַרן קלעפּן דאָס טעקסטבוך), לויט די אָנווייזונגען אין טעקסט.

מיר דריקן אויס אונזער אָנערקענונג די באַוויירים קאָלעגעס, צוזאַמענשטעלער פֿון פּראָגרעסיווע טעקסטבוכער, מיט וועמענס מאַטעריאַל מיר האָבן זיך באַנוצט וואו עס האָט געפּאַסט צו אונזערע לאָקאַלע נייטן.

די צוזאַמענשטעלער.

ניו יאָרק, נאָוועמבער, 1929

# אינהאלט




# אַ שול

# אַלע - שול.



# אין שול

## אַלע - אין שול.

| | | |
|---|---|---|
| | | אַ |

| | | |
|---|---|---|
| | ו | ש |



# מאַלע

## מאַלע – אין שול.

## די שול

קינדער, קינדער,
פול און פול.
פול מיט קינדער
איז די שול.

וואָס ווילן מיר טאָן אין שול?

מאַמע - מאַלען אין שול.
מאַלע - אין שול.

| | |
|---|---|
| מאַלע | עמאַ |

מאַלע עמאַ

מאַלע - עמאַ אין שול.

מאַמע — מאַלען אין שול
מאַלע — אין שול
מאַמע — — — — — —
מאַלע — —



# פּאַפּאַ – אין שאַפּ.

# מאַלע אין שול.

# מאַמע – אין –

# מאַמע – אין שאַפּ.

| | | | |
|---|---|---|---|
| פּ | אַ | | |

| | | |
|---|---|---|
| ש | אַ | |

פאַרוואָס אַרבעט פּאַפּאַ אין שאַפּ?

פאַרוואָס אַרבעט מאַמע אין הויז?

פאַרוואָס אַרבעט מאַמע אין שאַפּ?

פאַרוואָס אַרבעט מאַלע אין שול?

פאפא – פון שאפ.

מאמע – פון שאפ.

מאלע, עמא – פון שול.



אלע – טיש.

פאפא עסט

מאמע עסט

מאלע –

עמא –

אלע עסן

פאַפאַ — פון שאַפ

מאַמע — — —

אַלע עסן.

**שאַפּ** **פּאַפּאַ**

שאַפּ פּאַפּאַ

פּאַפּאַ — אין שאַפּ

מאַלעס פּאַפּאַ אין שאַפּ

מאַלעס מאַמע אין שאַפּ

פּאַפּאַ — מאַלען אין שול

פּאַפּאַ — —

מאַלע — —

מאַמע — —

עמאַ — —

| | | | |
|---|---|---|---|
| פּאַפּאַ | מאַמע | מאַלע | מאַמע |
| שאַפּ | אין | אַלע | שול |

שטעל צוזאַמען זאַצן מיט די ווערטער.



אַ טיש



אַ טישעלע.

אין שול – אַ טיש.

אין שאַפּ – אַ טישעלע




שטעלט צוזאַמען נייע קאָמבינאַציעס און זאַצן. צום ביישפּיל:

אין שאַפּ אַ טיש.



# א טישלער

א טישלער – א טיש.

א טישלער – א טיר.

פּאפּא – א טישלער.

פּאפּא – א טישעלע פאר
מאלען.

| | |
|---|---|
| מאלע | מאלען |

פּאַפּאַ — אַ טיש און שאַפּ

פּאַפּאַ — אַ טישלער

פּאַפּאַ — — — —



שער

אַ שער



אַ שערעלע

מאַשע שערט פּאַפּיר
מיט אַ שער.

מאַשע שערט פּאַפּיר.

| | | |
|---|---|---|
| . | ע | ש |

# אַרבעט

## שערט פּאַפּיר

## אַרבעט אין שאַפּ

מאַשע שערט פּאַפּיר אין שול
מאַלע עסט אין שול

אַפֿן טישעלע — אַ שער, פּאַפּיר
פּאַפּאַ — אַ שער אין שאַפּ
אין שאַפּ — אַ שער אַפֿן טיש

| | | |
|---|---|---|
| טיש<br>טישעלע | שער<br>שערעלע | פּאַפּיר<br>פּאַפּירעלע |




# סעמי עסט אַן עפּל.

# מאַלע עסט פון טעלער.

# עפּל. פון. טעלער.




## עס אַן עפּל

עס אַן עפּל.



א טעלער מיט עפּל.

אן עפּל אפּן טעלער.

מאשע עסט עפּל פּון טעלער.

סעמי - אן עפּל.

| | | |
|---|---|---|
| א | אן | אפּן |

מאַשע, עס אײַן עפּל

מאַלע עסט —

עפּל אױפּן טעלער

פּאַפּיר — ——

# אַן אַרבעט

עם ______________

עסט ______________

עסט ______________

עסן ______________

עסן ______________

עסט ______________

מאַלע. מאַמע. פּאַפּאַ
אַלע

| | | |
|---|---|---|
| עם | עסט | עסן |



סעמי, לערן.

אלע לערנען.

סעמי לערנט אין שול.

עמאַ ________________

מאַלע ________________

אלע קינדער ________________

מאַשע, לערן אין שול

מאַלע, לערן מיט מאַשען

מאַמע לערנט מיט ——

אַלע לערנען — ——

# אַ בוך



אַ בוך.

איך לערן פון בוך.
מאַשע לערנט פון בוך.
אַלע לערנען פון בוך.
איך — ליב לערנען פון
בוך.
איך נעם אַ בוך און —
אין שול.

לערנט      לערן

טראַכט צו ווערטער מיט נ

טראַכט צו ווערטער מיט ן

**איך - אין שול מיט אָ בוך.**
**מאשע, נעם א בוך אין שול.**
**איך האָב ליב לערנען פון בוך.**

**נעם** ______________

**איך** ______________

איך לערן אין שול פון בוך
סעמי ______________
מאַשע ______________
איך האָב ליב לערנען

| | | | |
|---|---|---|---|
| טאַוולע | שול | עמאַ | אַרבעט |
| שאַפּ | מאַלער | מאַומר | טיש |
| פּאַפּיר | אַופן | שער | אין |

דער לערער  דער לערער

די לערערן  די לערערן

דער לערער לערנט מיט
אלע קינדער אין שול.

די לערערן לערנט מיט מיר.

די לערער ארבעטן אין שול
מיט קינדער.

די לערער – ארבעטער.

מאַמע, איך אַרבעט אין שול.
דער לערער אַרבעט מיט מיר.
אַלע קינדער אַרבעטן — —

| | |
|---|---|
| מיט | מיר |



# אַרבעט

דער טאַטע אַרבעט אין שאַפּ.

די מאַמע אַרבעט אין ——

איך אַרבעט אין שול.

אַלע אַרבעטער אַרבעטן.

דער אַרבעטער אַרבעט.

*דער אַרבעטער אַרבעט.*

# אַ שפּיל

שטעל צו פּאסיקע ווערטער:

איך נעם ———

איך שער ———

מאַשע עסט ———

איך לערן ———

מאַלע עסט ———

טאַטע אַרבעט ———

מאַמע עסט ———

פּאַפּיר. אַ בוך. פון בוך.

עפּל. אין שאַפּ.

מאַלע נעם

טראַכט צו נאָך ווערטער מיט: מ

טראַכט צו נאָך ווערטער מיט: ם



א שניידער

א שניידער — אין א שאפ.
א שניידער —
א שניידער — א שער אין
שאפ.
מאשעס פאפא — א
שניידער.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ש | נ | יי | ד | | |

אַ שניידער ___________

# דער טאטע דער טאַטע

דער טאטע – אַן אַרבעטער.

די מאמע – אַן אַרבעטערן.

די מאמע אַרבעט פאַר

סעמין

דער שניידער ..................

דער טישלער ..................

**פאַר**

דער טאַטע — אַן אַרבעטער

די מאַמע אַרבעט פאַר —

פּאַפּאַ אַרבעט אין —

מאַשע אַרבעט אין —

# גיב

מאַמע, גיב מיר דאָס בוך. איך גיי אין שול.

דער לערער לערנט פון דעם בוך.

לילי, גיב מיר דאָס בוך פאַר מאַשען.

| | | |
|---|---|---|
| | י | ג |

מאַשע, גיב מיר פּאַפּיר און א שער.

# א שפּיל

גיב מיר

דער טישלער

דער שניידער

לערן

דאָס בוך

דער אַרבעטער

דאָס בוך. אַן עפּל. פון בוך.
אין שול. אַן אַרבעטער.
א טיש. נעמט א שער.
אַרבעט אין שאָפּ.

גיב מיר דאָס בוך.
איך — דער מאַמען אַ שער
מאַלער, — מיר פּאַפּיר



גײ

איך גײ אַלע טאָג אין גאַס.

איך שפּיל אין גאַס.

איך נעם אין גאַס דעם באַל.

סעמי גײט מיט מיר אין גאַס.

אַלע שפּילן אין גאַס נאָך דער שול.

| | |
|---|---|
| ג | |

## גיי

איך גיי אין שול. נאָך דער
שול גיי איך אין גאַס שפּילן זיך מיט
אַ באָל. איך האָב אַ באָל. איך
גיב די קינדער — באָל.
מיר שפּילן — אַלע טאָג

לילי, גיי ____ ____
נעם דעם ____
אַלע קינדער גייען אין גאַס ____ ____
טאַטע גייט אין גאַס נאָך ____ ____
איך האָב ליב דעם ____

| | | | |
|---|---|---|---|
| גיב | האָב | טאָג | מאַשע |
| קינדער | לילי | ליב | נעם |
| נאָך | דעם | שפּילן | איך |
| באָל | טאַטע | שול | מיר |

דער טאַטע גייט אַלע טאָג
— דער אַרבעט.

טאַטע, איך גיי — דער
אַרבעט.

איך אַרבעט אין שול.

טאַטע גייט אין גאַס נאָך
דער אַרבעט.

טאַטע, שפּיל מיט מיר אין
באַל נאָך דער אַרבעט.

איך שפּיל — ____________

פּאַפּאַ גייט ____________



# די מאַמע נייט.

די מאַמע נייט. דרייט די מאַמע.

די מאַמע נייט. דרייט די ראָד.

דאָס רעדעלע דרייט. נייט די נאָדל

דאָס רעדעלע דרייט. אַ נאָט, — אַ נאָט.

**אַ ניי־מאַשין.** אַ ניי־מאַשין

# נײ

די מאַמע לערנט מיר נײען,
איך האָב ליב-נײען.
איך נײ אַלע טאָג,
איך נײ אױף דער מאַשין
און מיט אַ נאָדל.

**און**

דער שנײדער ______
איך ______
נײ ______
אױף דער מאַשין ______

# ארבעט

איך ניי ער נייט
איך שפּיל מאלע שפּילט
איך שער מאשע
איך לערן סעמי
איך גיי עמא
איך ארבעט טאטע
איך נעם מאמע
איך גיב לערער

מאַלע נייט אױף אַ ניי-מאַשין
לילי דרייט די ראָד פון דער
מאַשין. די ראָד דרייט און
די נאָדל נייט.
טאַטע נייט אין —



# דער זיידע און די באָבע

דער זיידע איז אַלט.

די באָבע איז אַלט.

זיי זיינען אַלט.

**דער זיידע**      **די באָבע**

*דער זיידע*      *די באָבע*

*איך — ליב דעם זיידן און דער באָבען*



## וואַש

לילי וואַשט דעם טיש.
זי——דער מאַמען.

די מאַמע אַרבעט שווער
וואָס טוסטו פאַר דער
מאַמען?

לילי וואַשט וועש. זי וויל אַליין וואַשן אירע וועש.
לילי וויל אַרבעטן.

# א שפּיל

דער זיידע ____________

וואַש ____________

לערן מיר ____________

זיי ____________

די באָבע ____________

דער טאַטע און די

מאַמע ____________

די מאַמע וואַשט ____________

אַרבעטן שווער. נייען. איז
אַ שניידער. פאַר לילין.
וועש. איז אַלט. זיינען אַלט.

איך וואַש מיינע ——
איך העלף —— ——

# אַלע קינדער אַרבעטן

אַלע קינדער אַרבעטן.
אַלע קינדער האָבן פּאַפּיר.
אַלע קינדער האָבן בלייפעדערס.
אַלע קינדער האָבן העפטן.
אַלע קינדער האָבן ביכער.
אַלע קינדער אַרבעטן.

## האָבן. ה.

## איך האָב אַ בוך.

## איך האָב ביכער.

## בוך ך

## ביכער כ

טראַכט צו ווערטער מיט: ך.
טראַכט צו ווערטער מיט: כ.

# ריין איז שיין

איך קום אין שול מיט ריינע הענט

איך אַרבעט ריין.

מיין העפט איז ריין.

מיין בוך איז ריין.

האַלט ריין די ביכער.

ריין איז שיין.

מיין רי

ווילסטו זיין געזונט און שיין

דאַרפסטו זיין שטענדיק ריין




שרייבט, אָדער טראכט צו, קינדער, מייסעלאך צו יעדן בילד באזונדער.



# אַרבעט, קינדער

אַרבעט, קינדער,
אַרבעט גוט.
ווער עס אַרבעט
דעם איז גוט.
שטולן, טישן,
הייזער, ווענט, —
זאָלן זיין
געזונט די הענט.

וואָס טוען קינדער?

# אַרבעטער־קינדער.

איך בין אַן אַרבעטער קינד.

איך בין מיט די אַרבעטער.



דאָס איז

די פֿאָן פֿון די

אַרבעטער.

דאָס איז מיין פֿאָן!

מאָל אָן אַ רויטע פֿאָן

שרייב אָן: ______________

# קינדער מאָלן אין שול.
# זיי מאָלן שיינע בילדער.

## אַ שפּיל

1. נעם פּאַפּיר. מאָל אָן אַ טישלער און אַ טיש.
2. נעם פּאַפּיר. מאָל אָן: דער שניידער נייט אַל אַ ניי-מאַשין
3. מאָל: די מאַמע נייט. מאַלע גיט דער מאַמען אַ שער.
4. מאָל: עמאַ וואַשט וועש.
5. מאָל: אַ שאַפּ מיט אַרבעטער.
7. מאָל: קינדער גייען אין שול מיט ביכער אין די הענט.

איך קען שוין :

אַ אָ בּ װ ג ד ז ה

ק ל מ ם נ ן פּ ף ר ס ט

וּ פֿ כ ך ש ע ײ

דאָס זיינען בוכשטאַבן.
שטרייך אונטער וועלכע דו קענסט.
לערן אויס אַלע בוכשטאַבן שרייבן.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| קום | וואש | אין | זיידע | פאפיר | נאָך |
| בוך | דער | טאַטע | שער | שניידער | ריין |
| הענט | און | זיי | גאס | שול | מיין |
| די | אלט | שיין | באַל | איך | טיש |
| איז | אלע | האָב | ארבעט | קינדער | העפט |

# א הויז

דאָס הויז איז גרויס. אונזער שול איז אין דעם הויז.

אַף דעם הויז זע איך אַ שילד:

די אידישע אַרבעטער קינדער שול.

## הויז. גרויס. וי.
## אַף. ף.

טראַכט צו נאָך ווערטער מיט: וי.

טראַכט צו נאָך ווערטער מיט: ף.

טראַכט צו ווערטער מיט: פּ.

אונזער הויז איז גרויס. בײַ
דעם הויז איז דאַ הויף נאָכן לערנען גייען
מיר שפּילן זיך אופן הויף

# דער פויער

א פויער מיט א פערד
אקערן די ערד,
דער אקער שניידט,
דער פויער זייט,
די זון פארנייט,
דער הימל רויט.
אין פרישן פעלד
וועט וואקסן ברויט.



זאנגען

אפן פעלד וואקסן זאנגען פול מיט קערנער.

וואס טוט דער פויער אפן פעלד, די זאנגען זאלן קע־נען וואקסן ?

וואוהין פירט דער פויער די קערנער, קעדיי זיי צו מאלן אף מעל ?



ווען די זאַנגען זיינען רייף, שניידט דער פּויער זיי אַראָפּ און דרעשט
זיי אויס. פון די קערנער מאָלט מען מעל.

1. ווער זייט די קערנער?

— — — — — — — — — — — — —

2. וואָס טוט דער פּויער מיט די קערנער?

— — — — — — — — — — — — —

3. וואָס טוט א מילנער?

— — — — — — — — — — — — —

4. וואָס מאָלט די מיל?

— — — — — — — — — — — — —

5. ווער באַקט ברויט?

— — — — — — — — — — — — —

דאָס איז אַ ווינטמיל.

די מיל מאָלט מעל.

ווען מאָלט די מיל?

ווען עס איז דאָ אַ ווינט.



די ווינטמיל

דאָס איז אַ וואַסערמיל.

וואָס מאָלט די וואַסערמיל?

ווען מאָלט די וואַסערמיל?



די וואַסערמיל

# אין. איז. ווען. ווער.

# וואָס. דאָס.

שרייב:

די מיל מאָלט מעל.

דער זיידע איז אַ מילנער.

ער מאָלט מעל אין מיל.

# אַ שפּיל

(שטעל צו פּאַסיקע ווערטער)

די מיל . . . . . .

עטל וואַשט . . . . . . .

די מאַמע נעמט . . . . . .

סעם עסט . . . . . . .

די נאָדל . . . . . . .

דער טאַטע . . . . . .

דער לערער . . . . . . .

מאַשע . . . . . .

לערנט. װעש. מאָלט. אַרבעט. עפּל. מעל.
נייט. שפּילט.

דער זיידע . . . . . . . .

די באָבע . . . . . . .

די מאַשין . . . . . . . .

די בלעטער . . . . . . .

קינדער . . . . . .

זיינען געל. איז גוט. איז אַלט.
איז שווער. פאַלן.



# דער בעקער

אַלע שלאָפֿן, ס'איז שוין שפּעט,
נאָר דער בעקער שטייט און קנעט;
הייצט דעם אויוון, פֿייער רויט,
גרייט אַף מאָרגן אָן דאָס ברויט.

א ר ב ע ט

| | |
|---|---|
| איך נעם | דו נעמסט |
| איך שפּיל | דו שפּילסט |
| איך גיי | דו — — — — — |
| איך אַרבעט | דו — — — — — |
| איך ניי | דו — — — — — |
| איך לערן | דו — — — — — |
| איך קום | דו — — — — — |



היי, היי, היי!
רעדל טו אַ דריי!
מיטן האַנט און מיטן פוס,
רעדל טו אַ דריי!
היי, היי, היי!
רעדל דריי און ניי!
מיטן האַנט און מיטן פוס,
רעדל דריי און ניי!
ניי, ניי, ניי!
נאָדל שטעפּ און ניי!
ס׳וואַרטן קינדערלאַך אַף ברויט,
נאָדל שטעפּ און ניי!

# דער שניידער

## מיט דער נאָדל, מיט דער שער
## מיט דער ניי־מאשין קעסיידער,
## מיט דער האנט אהין, אהער,
## מאכט דער שניידער קליידער, קליידער.

ארבעט

| | |
|---|---|
| איך מאל | מיר מאָלן |
| איך לערן | אלע — — — — — — |
| איך קום | די קינדער — — — — |
| איך ארבעט | די ארבעטער — — — |
| איך עס | מיר — — — — — — |
| איך רעד | מיר — — — — — — |
| איך נעם | מיר — — — — — — |

# דער פויער און דער ארבעטער זיינען ברידער

דער פויער אַרבעט שווער.
דער בעקער באַקט ברויט.
דער שניידער נייט קליידער.
דער טישלער מאַכט טישן.
אַלע אַרבעטער אַרבעטן פאַר
אונז.
דער פויער און דער אַרבעטער
זיינען ברידער.

| איינס - | אַסאַך |
|---|---|
| העפט | העפטן |
| טיש | טישן |
| שער | ___ |
| פּאַפּיר | ___ |
| נאַס | ___ |



# דער שוסטער

דאָס העמערל טאנצט אף
די זוילן,
די אָל שטעכט זיך דורך
אין דער גיך.
נאָך א שטאָך, נאָך א
קלאפּ אזא וואוילן
און באלד זיינען פארטיק
די שיך.

דער שוסטער מאַכט ——. ער
אַרבעט מיט אָל און האַמער.

# פּאַפּאַ און מאַמע

פון פרימאָרגן ביז פאַרנאַכט
אַרבעט פּאַפּאַ אין פאַבריק.
פּאַפּאַ איז פאַרמאַטערט, מיד,
ווען ער קומט אהיים צוריק.

מאַמע אַרבעט אינדערהיים,
קאָכט און וואַשט און מאַכט אַלץ ריין.
העלף איך מאַמען אַלעמאָל —
שווער פאַר מאַמען טאָן אַליין.

וועלכע מענטשן אַרבעטן ניט?
פאַרוואָס דאַרפן אַלע אַרבעטן?



# סערפּ און האַמער

סערפּ און האַמער פאַר די אַרבעטער.

סערפּ אין פעלד.

האַמער אין שאָפּ.

קינדער, מאָלט אַ סערפּ און האַמער.

## האַמער. ה.

מאָל

נעם ווײַס פּאַפּיר

מאָל אָן אַ סערפּ און אַ האַמער־פאַרב
דאָס אָפּ. הענג דאָס אויף אַף דער וואַנט אין
קלאַס. דאָס וועט זײַן שיין

# סערפּ און האַמער

סערפּן שניידן, האַמערס שמידן.
זיינען אַרבעטער צופרידן.
ברויט וועט זיין,
הייזער פיין,
און אַלע גוטע זאַכן.
סערפּ און פייער,
האַמער בוייער,
אַלע וועלן לאַכן.

ווער אַרבעט מיטן סערפּ? —
ווער אַרבעט מיטן האַמער? —

| איינס | אַסאַך |
|---|---|
| טאַטע | טאַטעס |
| מאַמע | מאַמעס |
| שאַפע | ________ |
| זיידע | ________ |
| באָבע | ________ |
| ווירע | ________ |

# סאָוועטן־לאַנד

מאשע איז געווען
אין סאָוועטן־לאַנד.
מאשע האָט געזען
דאָס אַרבעטער־לאַנד.



מיט אַרבעטער־פאָן אין האַנט
איז מאשע געגאַנגען אין סאָוועטן־לאַנד.
ווייל מאשע ניט קיין אַנדער לאַנד
נאָר סאָוועטן־לאַנד און סאָוועטן־לאַנד.

די פאָן פון סאָוועטן־לאַנד איז די רויטע פאָן מיטן סערפּ און האַמער. דאָס איז די פאָן פון אַלע אַרבעטער. מאָל אָן אַזאַ פאָן.

סאַלי האָט געבראַכט אין שול טאָוול. אויף דעם טאָוול האָט ער אָנגעמאָלן אַ סערפּ און אַ האַמער. דערנאָך האָט ער עס אויסגעשניטן און אויפגעהאַנגען.



# בלעטער פאלן פון א בוים

דער האַרבסט

דער האַרבסט קומט. די בלעטער
ווערן געל און ברוין. זיי פאַלן
פון די ביימער. דער ווינט טראָגט
אַוועק די בלעטער. די ביימער
שטייען נאַקעט.

# גאָלד פֿאַלט

גאָלד פֿאַלט.
גאָלד פֿאַלט.
פֿול מיט גאָלד
איז דער וואַלד.

ווערט אַ ווינט,
פֿליט דאָס גאָלד.
ווער עס וויל,
נעמט דאָס גאָלד.

וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאָלד?

שרייב אין דעם ־ שטעפּער. ________________________

# די זון.



אַ זון ווי גאָלד.
ווי גאָלד אַ זון
און העל.

און בלעטער, בלעטער —
רויט און ברויז,
און געל.

מאָל אָן אַזאַ בילד און שרייב אונטער דאָס ליד.



# הארבסט

דער הימל איז גרוי,
עס רעגנט אַזוי,
עס קומט שוין די זון ניט אַרויס.
ס'איז קאַלט און ס'איז נאַס,
מיט בלאָטע די גאַס.
ווער ס'האָט ניט קיין, שיך
מוז זיצן אין הויז.

וואָס טו איך אָן וון דס רעגנט?

וואָס נעם איך מיט אין קלאַס ווען דס רעגנט?

# די פייגל פליען אַוועק



וע, וואָס איז אין גרויען הימל?
ניט קיין עראָפּלאַנען —
פייגל רוישן מיט די פליגל,
פליען אָפּ פון דאַנען.

ווען איז דאָס?

זומער גייט אַוועק און עס קומט דער
האַרבסט די פייגלען פליען אַוועק
אין די וואַרעמע לענדער

# אַ פייער



אַ הויז ברענט! אַ הויז ברענט!
שנעלער גיט דעם פייער־סיגנאַל!
ווי אַזוי גיט מען דעם פייער־סיגנאַל?

## די פייער־לעשער.

דינג־דאַנג! קלינג־קלאַנג!
אָט לויפט דער פייער־לעשער וואָגן.

## די פייער־לעשער פאָרן זייער שנעל.

זיי קומען צום הויז, וואָס ברענט.
זיי לעשן די פלאַמען מיט וואַסער.
זיי וואַרפן זיך אַריין אין די פלאַמען צו ראַטעווען די מענשן.
נאָכדעם פאָרן זיי צוריק מיט זייער וואָגן.

# אַ פ י י ע ר.

און עס פּייפט, און עס פליט
מאַשין נאָך מאַשין,
עס פליען די לעשער
צום פייער אַהין.

פון טיר און פון פענסטער,
פון דאַך און פון ווענט,
זעצט אַ רויך און א פייער —
עס ברענט! עס ברענט!

# צו. צום. צוריק. צ.

# אַן אַרבעט.

1. נעם ווייס פּאַפּיר. מאָל אָן אַ הויז. אַפן הויז מאָל אָן אַ שילד. שרייב אָן: אַרבעט־שול.

2. נעם ווייס פּאַפּיר. מאָל אָן אַ פאָן. פאַרב אַפ רויט. מאָל אַפן פאָן אַ סערפּ און האַמער. שרייב אונטער: אַרבעטער־פאָן.

3. נעם ווייס פּאַפּיר. מאָל אָן אַ ניי־מאַשין. מאָל די מאַמע ביי דער ניי־מאַשין. שרייב אונטער: די מאַמע נייט אַ קלייד פאַר איר קינד.

4. נעם ווייס פּאַפּיר. מאָל אָן אַ שאַפּ. מאָל דעם מאַטן אין שאַפּ. שרייב אָן: דער טאַטע אַרבעט אין שאַפּ.

5. נעם ווייס פּאַפּיר. מאָל אָן אַ ניי־מאַשין. מאָל דעם שניידער ביי דער מאַשין. שרייב אָן: דער שניידער נייט און נייט, עס וואַרטן זיינע קינדערלאַך אַף ברויט.

6. נעם ווייס פּאַפּיר. מאָל אָן אַ פּאַרק. מאָל ביימער. מאָל בלעטער אַף דער ערד. פאַרב עס אין געל, רויט, ברוין. שרייב אָן: עס גייט אַוועק דער זומער, עס קומט דער האַרבסט.

7. נעם ווייס פּאַפּיר. מאָל אָן דריי הייזער. לעבן די הייזער מאָל די גאַס. אַף דער גאַס אַ אינגל און אַ מיידל. זיי שפּילן באַל. שרייב אָן: אַ שפּיל אין באַל.

קלייבט אויס די שענסטע בילדער און הענגט זיי אויף אַף דער וואַנט.

# סטרייק

— טאטע, פארוואס גייסטו הײַנט ניט אין שאפ?

— פרעגט עטל.

— איך סטרייק, מײַן קינד.

— וואס מיינט עס, טאטע?

— עס מיינט, אז אלע ארבעטער פון שאפ האבן געזאגט צום באלעבאס:

מיר ווילן מער געלט פאר אונזער ארבעט.

מיר ווילן ארבעטן נאר אכט שעה א טאג

ביז דו וועסט אונז ניט נאכגעבן, וועלן מיר ניט ארבעטן. מיר סטרייקן!

ארבעט:

עטלס טאטע איז א סטרייקער. איז דײַן טאטע אמאל געווען א סטרייקער? פרעג אים.

| אסאך | איינס |
|---|---|
| קינדער | קינד |
| ___________ | שטיין |
| ___________ | פעלד |
| ___________ | העמד |
| ___________ | ליד |

# פּיקעט

אין מאָרגן.

— טאַטע, וואוהין גייסטו ?

— איך גיי פּיקעטן.

— וואָס ?

— פּיקעטן. איך וועל אַרומגיין לעבן דעם שאַפּ, וואו מיר סטרייקן, מיט אַ גרויסן פּלאַקאַט אויף מיין פּלייצע. אויף דעם פּלאַקאַט וועט זיין אָנגעשריבן :

סטרייק ! קיינער זאָל דאָ ניט אַרבעטן !

— צוליב וואָס דאַרף מען דאָס, טאַטע ?

— אַלע אַרבעטער זאָלן וויסן, אַז מיר סטרייקן, און זיי זאָלן אין אונזערע ערטער ניט גיין אַרבעטן. דער, וואָס גייט, איז אַ סקעב !

| איינס | אַסאַך |
| --- | --- |
| ברודער | ברידער |
| הויז | הייזער |
| בוים | ———— |
| בוך | ———— |
| שאַפּ | ———— |
| גלאָז | ———— |




# פּיקעט־ליין

— ווילסטו מיט מיר מאָרגן מיטגיין, עטל?

— וואוהין?

— מאָרגן, גאַנץ פרי, האָבן מיר אַ פּיקעט־ליין לעבן אונזער שאַפּ. אַסאַך אַרבעטער וועלן מאַרשירן מיט פּלאַקאַטן און געזאַנג. מיר ווילן פאַרטרייבן די סקעבס פון שאַפּ.

— פאַרוואָס ווערן אַרבעטער סקעבס, טאַטע?

— זיי פאַרשטייען ניט, וואָס זיי טוען. מיר דאַרפן זיי דערקלערן, אַז אַן אַרבעטער טאָר ניט אַרבעטן אין אַ שאַפּ, וואו עס איז אַ סטרייק.

דערפאַר מאַכן מיר די פּיקעט־ליין.

— איך וועל גיין מיט דיר, טאַטע.

— וועסט ניט מורא האָבן? דער באַלעבאָס וועט אַרויסשיקן פּאָליסלייט און גענגסטערס צו טרייבן און צו שלאָגן אונז.

— אָבער אויב אַלע אַרבעטער און זייערע קינדער וועלן קומען, וועלן מיר דאָך זיין אַסאַך און שטאַרק.

# אַן אַרבעט.

1. מאָל אָן אַן אַרבעטער מיט אַ פֿלאַקאַט אויפֿן רוקן. שרײַב אָן אויפֿן פֿלאַקאַט ______

2. מאָל אָן אַ סאַך אַרבעטער לעבן אַ שאַפּ. זײ מאַרשירן מיט פֿלאַ-קאַטן. שרײַב אָן אויף די פֿלאַ-קאַטן ______

3. מאָל אָן אַ קינד מיט אַ רויטער פֿאָן. אויף דער פֿאָן אַ סערפּ און אַ האַמער.

4. מאָל אָן אַ בוים. געלע בלעטער פֿאַלן פֿון בוים. שרײַב אָן ___

5. מאָל אָן אַ שול. אויף דער שול די אַרבעטער פֿאָן. שרײַב אָן דעם נאָמען פֿון דער שול.



הויבט די פאָן.
העכער, קינדער, הויבט די פאָן
און מאַרשירט מיט לידער.
אונטער אונזער רויטער פאָן
זיינען אַלע ברידער.

# ר ו י ט.

די רויטע ארבעטער פאָן.

אַלע אַרבעטער זיינען ברידער.



פּיאָנער, זיי גרייט!

שטענדיק גרייט!

פּיאָנערן—לענינם קינדער.

זיי ווי לענין

גיי אין לענינם וו

# כאַווער לענין האָט געלערנט

אַלע מענטשן דאַרפן זיין גלייך. עס טאָרן ניט זיין קיין אָרעמע און רייכע, קיין אַרבעטער און קיין באַלעבאַטים.

אַלע מענטשן דאַרפן זיין אַרבעטער.

ווער עס וויל ניט אַרבעטן, דאַרף ניט עסן.

אַלע אַרבעטער מוזן קעמפן מיט די באַלעבאַטים, צו מאַכן בא זיך אין לאַנד אַן אַרבעטער־רעגירונג.

די אַרבעטער אין רוסלאַנד האָבן געטאָן, ווי כאַווער לענין האָט זיי געלערנט. איצט האָבן זיי אַ סאָוועטן לאַנד מיט אַן אַרבעטער רעגירונג.

כאַווער לענין האָט ליב געהאַט
קינדער. ער האָט געזאָגט צו זיי:
קינדער, לערנט, לערנט, לערנט.
איר זייט קינדער פון אַרבעטער.
איר וועט זיין אַרבעטער.
איר וועט קעמפן אין די אַרבעטער
רייען.
זייט גרייט צו העלפן די אַרבעטער.

# לענין איז געשטאָרבן.



געשטאָרבן לענין. נישטאָ מער לענין. לענין איז געווען אַ פירער פון די אַרבעטער. ער איז געווען זייער גרויסער פריינט און כאַווער.

די אַרבעטער האָבן ליב געהאַט לענינען און וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

לענין האָט ליב געהאַט קינדער. ער האָט אַ סאַך געטאָן פאַר קינדער. קינדער האָבן ליב געהאַט לענינען. נישטאָ מער לענין.



# אַן אַרבעט.

## מיר מאַכן אַ לענין ווינקל.

מיר וועלן געפינען אַ גוטן אָרט אַף דער וואַנט. מיר וועלן אויפהענגען דאָרטן לענינס בילד. אונטער דעם בילד וועלן מיר אויפהענגען א בילד פון אַ סערפּ מיט א האַמער.

מיר וועלן נעמען ווייס פּאַפּיר און אָנשרייבן:

לענין איז געווען אַן אַרבעטער־פירער.

לענין איז געווען א פריינט פון קינדער.

קינדער האָבן ליב לענינען.

זייט ווי לענין.

דאָס וועלן מיר אויפהענגען ביי דעם בילד און באַפּוצן מיט רויט.

ווען אונזער לענין־ווינקל וועט זיין פאַרטיק, וועלן מיר מאַכן א יאָמטעף.

# ווי אזוי מיר האָבן געמאַכט א לענין־קאַלענדאַר

1. פריער האָבן מיר געמאַכט א װענטל פאַרן קאַלענ־דאַר פון קאָלירטן פאַפיר, מיר האָבן עס באַפוצט מיט פאַרשידענע קאָלירן און בילדלאַך.
2. אינמיטן האָבן מיר אָנגעקלעפּט א בילד פון כאַווער לענין, אזוי או אונטער דעם זאָל בלייבן אָרט פאַרן קאַלענדאַר.
3. אונטער כאַווער לענינס בילד האָבן מיר אָנגעקלעפּט עטלאַכע בלעטלאַך פאַפיר, אזוי ווי אין א קאַלענדאַר.
4. אױף יעדן בלעטל פון קאַלענדאַר האָבן מיר אָנגע־שריבן אַן אַנדערע דאַטע פון כאַווער לענינס לעבן אָדער פון דער רעוואָלוציע.
5. צו יעדער דאַטע האָבן מיר זיך באַמיט צו געפינען א פאַסיק בילדל, אָדער אַליין אויסגעמאָלן א בילד.

לערנט זיך, קינדער, הויקן פאַרן לענין ווינקל און פאַרן קאַלענדאַר.

א ב ג ד ה ו ז

ט י כ ך ל מ ם

נ ן ס ע פּ פֿ ף

צ ץ ק ר ש



קינדער אַרבעטן.
מען קײַקלט קײַלן שניי.
מען לייגט אַ קײַל אַף אַ קײַל,
און פֿאַרטיק אַ מענש.
אַ נאָז, ווי אַ באַל,
אויגן — קוילן,
הענט — אַ שטעקן.
סימע גיט דעם מענש אַ בעזים אין האַנט.
קינדער טאַנצן. קינדער לאַכן!
שנייער, שנייער!
היי, שנייער!
קער דעם שניי!
קער דעם שניי!

ווי אַזוי מאַכט איר אַ שניי־מענש?
וואָס נאָך מאַכט איר פֿון שניי?

**מאָל אַ שניי־מענש אין דיין העפֿט.**

# שנײ־קוילן.

(אַ שפּיל)

גייט אַרויס אַפן הויף. צעטיילט זיך אַף צוויי גרופּעס. יעדע גרופּע דאַרף מאַכן אַ גרויסן קויל פון שניי. מען באַשטימט פריער די צייט, ווי לאַנג מען זאָל עס מאַכן.

די גרופּע, וואָס האָט געמאַכט די גרעסטע קויל, האָט געוואונען.



# שניי.

עס פאַלט אַ שניי. די גאַסן ווערן ווייס. הערי, אַרטור און סעמי לויפן אַפן גאַס מיט אַ שליטעלע. דאָרטן זײַנען אַלע קינדער. אַלע פאָרן באַרג אַראָפּ. הערי פאַלט אַראָפּ פון שליטעלע מיטן נאָז אין שניי. אַלע קינדער לאַכן. הערי לאַכט מיט זיי.

# ווי מען מאַכט אַ שליטעלע.

עס איז געווען ווינטער. אייבי איז געשטאַנען און געקוקט, ווי יאָסל מיט זיין שוועסטערל פֿליען באַרג אַראָפּ אַף זייער שליטעלע.

— אייבי! פאַרוואָס שליטלסטו זיך ניט?

— איך האָב ניט קיין שליטעלע.

— מאַך אַליין — זאָגט יאָסל — עס איז זייער גרינג צו מאַכן. זעסט מיין שליטעלע? איך האָב עס אַליין געמאַכט.

— ווי אַזוי האָסטו עס געמאַכט? — פרעגט אייבי.

— איך האָב גענומען צוויי ברעטלאַך פון אַ צע־בראָכן קעסטל, האָב זיי רונד געמאַכט פון איין זייט און האָב זיי אַוועקגעשטעלט אַפן ברעג. דערנאָך האָב איך אַף די ברעטלאַך אַרויפגעקלאַפּט נאָך אַ ברעטל, איז געוואָרן אַ שליטעלע. עס פאַרט איבערן שניי נאָך בעסער, ווי אַן אייזערנס. קום, אייבי, איך וועל דיר העלפן מאַכן.

די קינדער זיינען אַוועקגעלאָפן צו אייבין אַהיים. זיי האָבן אויפגעזוכט די ברעטלאַך און אין אַ שעה אַרום איז דאָס שליטעלע פאַרטיק געוואָרן. אייבי איז אַ פריילאַכער געלאָפן שליטלען זיך באַרג אַראָפּ.

ווער וויל פּרואוון מאַכן אַזאַ שליטעלע?

# א רעטעניש

אין דער לופט פליט עס,
אַף דער ערד ליגט עס,
אַף דער האַנט צעגייט עס,
ווער ס'איז קלוג פאַרשטייט עס.

# מיר ציילן

— איינס, צוויי, דריי, פיר!
אַט אזוי ציילן מיר.
— פינף, זעקס, זיבן, אַכט!
ניכער, קינדער, ניט געטראַכט.

ניין, צען, עלף, צוועלף!
נורזשע, סעמקע, רייזל, העלפט.
אַט אזוי ציילן מיר,
אַט אַזוי ציילן מיר.

איינס. צוויי. דריי. פיר. פינף
זעקס. זיבן. אַכט. ניין. צען.
עלף. צוועלף. ציילט ווייטער...

# אונזער קאַלענדאַר

| | |
|---|---|
| זונטיק | |
| מאָנטיק | |
| דינסטיק | |
| מיטוואָך | |
| דאָנערשטיק | |
| פרייטיק | |
| שאַבעס | |

1. די טעג, ווען דו גייסט אין שול, שרייב צו: שול
2. מאַך יעדע וואָך אַזאַ קאַלענדאַר און שרייב אַריין:

שניי, רעגן, זון, ווינט.

# מיכל מיטן ביכל

1



גייט מיכל פון שול און פארלירט זיין ביכל. א נײַ ביכל. ערשט היינט באַקומען. זוכט ער דאָ, זוכט ער דאָרט — ניטאָ און ניטאָ.

די מאַמע דערלאַנגט צום טיש וועטשערע. אַלע עסן. נאָר מיכלען גייט קיין עסן ניט. לייגט ער זיך שלאָפן אָן וועטשערע.

2



. . . פּלוצלונג דערזעט ער — זיין ביכל ליגט אויפן גאַס. א קאַלטער ווינט בלאָזט. רייסט א בלעטל נאָך א בלעטל. די בלעטלאַך פליען. וויל זיי מיכל כאַפּן. לויפט ער און יאָגט און פאַלט. ער כאַפּט זיך אויף —

ערשט ער ליגט אַ הוילער, און די קאָלדרע איז אַף דער ערד.

דערקט ער זיך צו און שלאָפט ווייטער.

2



אינדערפרי שטייט מיכל אויף און גייט אַוועק אין שול אָן אַ ביכל.

באַפאַלן אים די קינדער און פרעגן:

— מיכל, וואו איז דיין ביכל?

— מיכל, וואו איז דיין ביכל?

מיכל שווייגט. רעדט קיין וואָרט ניט.

נאָר דאָ גייט צו אַ אינגל מיט אַ ביכל און זאָגט:

— ס'איז דיין ביכל? נעכטן האָבן עס אונזערע קינדער געפונען.

— גיב אָפּ, ס'איז מיין ביכל!

— זאָג אַ סימען!

— אָט איז דאָך אָנגעשריבן מיין נאָמען!

—ריכטיק, דיין ביכל. נאַ!

שרייב אָן דיין נאָמען אַף דיין בוך און העפט.




# צום זייגער.



זייגערל, זייגערל אַף דער וואַנט!
זאָג, וואָס קלאַפּסטו נאָכאַנאַנד?
רעדסט און רעדסט פון פרי ביז שפּעט —
זאָג, ווער זיצט אין דיר און רעדט?

צי אַ יונגער, צי אַן אַלטער?
צי אַ הייסער, צי אַ קאַלטער?
צי אַ מיידל, צי אַ אינגל?
קלאַפּסט אוים טיק־טאַק מיטן צינגל?

טיק־טאַק! טיק־טאַק! שטיל און זאַכט
טיק־טאַק! טיק־טאַק! טאָג און נאַכט.

שטרייך אונטער די ווערטער מיט צ.

# דער זייגער באווייזט:



## וויפיל אַזייגער?

וויפיל אַזייגער שטייסטו אויף?
וויפיל אַזייגער גייסטו אין „סקול"?
וויפיל אַזייגער גייסטו אין שול?
וויפיל שאָ ביסטו אין „סקול"?
וויפיל שאָ ביסטו אין שול?
וויפיל שאָ ביסטו אַפן גאס?
וויפיל אַזייגער לייגסטו זיך שלאָפן?

ענטפער אין דיין העפט אזוי:

**איך שטיי אויף זיבן אַזייגער.**

און אזוי אַף אלע פראגעס.

### אַ רעטעניש

האָט קיין פיס ניט און גייט,
האָט קיין מויל ניט און צײלט,
האָט קיין הענט ניט און קלאָפּט.

דער זייגער.

# ווי אַזוי כ'האָב פאַרגעסן זיך אַליין

איינמאָל, קומענדיק אין שול, האָב איך דערמאָנט זיך, אַז מיר האָבן היינט אַף דער פּראָגראַם — שרייבן. אַלע קינדער האָבן פאַרגעסן זיך וועגן דעם און האָבן ניט געבראַכט קיין בלייפעדערס. איך האָב געהאַט אַ סאַך בלייפעדערס און האָב זיי אַלע אויסגעטיילט צווישן די קינדער. ווען מיר זיינען אַריין אין קלאַס און די לערערן האָט אויסגעטיילט פּאַפּירן, האָב איך ניט געקענט שרייבן: איך האָב פאַרגעסן צו לאָזן אַ בלייפעדער פאַר זיך.

## ברענג אַלעמאָל דיין בלייפעדער אין שול.

## זיי אין צייט!

אין שול דאַרף מען קומען אין צייט.
מען טאָר ניט פאַרשפּעטיקן.
ווער עס פאַרשפּעטיקט — פאַרלירט.
ווער עס קומט אין מיטן — שטערט די כאַווייריִם.
גוטע אַרבעטער קומען שטענדיק צו דער צייט.



# זאָל לעבן וואַסער!

לעבן זאָל זייפעלע דופטיק,
זאָל לעבן אַ האַנטוך, וואָס לופטיק,
זאָל לעבן אַ קעמל פון ביין,
זאָל לעבן אַ בערשטל צו ציין,
זאָל לעבן, זאָל לעבן, זאָל לעבן!

# יונגע קינדער.

איינס און צוויי,
און דריי און פיר,
יונגע קינדער
זיינען מיר.

כאַטש מיר זיינען
יונג און קליין,
ווי די העלדן
דאַרף מען גיין.

## יונגע. יו.

טראַכט צו נאָך ווערטער מיט יו.

# ווער איז דאָס?

(אַ שפּיל)

די קינדער זעצן זיך אויס אַף בענק אָדער אַף דער ערד און ציען אויס די פיס פאַר זיך. איינעם, דעם טרעפער, טוט מען אָן אַ גרויסן הוט אַריבער די אויגן, אַזוי אַז מער ווי די פּאַדלאָגע זאָל ער ניט זען. נאָך איין קינד, דער פירער, פירט דעם טרעפער פאַרביי די אויסגעזעצטע קינדער, שטעלט זיך אָפּ נעבן עמיצן און פרעגט: „ווער איז דאָס?" דער טרעפער דאַרף דערקענען דאָס קינד לויט די פיס. אויב דאָס גיט זיך אים איין, און ער רופט אים אָן בײַם נאָמען, דאַן ווערט דער דערקענטער אַ טרעפער, דער פריערדיקער טרעפער ווערט פירער און דער פריערדיקער פירער זעצט זיך אַף דעם אָרט פון דעם דערקענטן קינד.



# יאַם און שיף

יאַם איז טיף,
יאַם איז טיף,
פאָרן מענטשן אַף אַ שיף.
פאָרן שיפן נאָכאַנאַנד
אין אַ לאַנד
און פון אַ לאַנד.
יאַם איז טיף,
יאַם איז טיף,
פאָרן מענטשן אַף אַ שיף.

## יאַם. יאַ.



# די באַן

די באַן - איז אַ לאַנגע,

אַ לאַנגע אַזאַ —

עס קלאַפּן די רעדער:

טאַ - טאַ - טאַ - טאַ - טאַ.

פעלדער און וועלדער

זיי לויפן פאַרביי,

עס קלאַפּן די רעדער:

טודיי און טודיי.

# ר ײַ כ ע  א ו ן  אָ ר ע מ ע

רײַכע אַף מאַשינען,
אָרעמע צו פֿוס.
רײַכע לויפֿן גיך,
אָרעמע אָן שיך.
דאַרפֿן אָרעמע בלײַבן שטיין,
לאָזן די מאַשינען גיין.



# א ו י ט אָ מ אָ ב י ל

פֿריער שטום,
שפּעטער הויך.
אויטאָמאָביל
רויש און רויך.
פֿליט און פּײַפֿט,
אַ גרויל, אַ שרעק...
קינדער לויפֿן
פֿון וועג אַוועק.

ווי אַזוי היטסטו זיך פֿון אַן אויטאָמאָביל, ווען דו גייסט אַריבער די גאַס?
דערצייל אונז.

# אַן אַרבעט

שרייב אַריין די ווערטער:

סעמים טאַטע פאָרט אַלע טאָג צו דער אַרבעט
מיט דעם:

---

העלענס טאַטע פאָרט אַלע טאָג צו דער אַרבעט
מיט דעם:

---

הערים טאַטע פאָרט אַלע טאָג צו דער אַרבעט
מיט דעם:

---

ווער פאָרט מיט אַן אויטאָמאָביל?

„על" אויטאָמאָביל

סאָבווײ טראַמווײ

# אַ שפּיל אין כאַיעס.

1. אַלע קינדער זיינען כאַיעס. דער איז אַ הונט, דער איז אַ וואָלף, און דער איז אַ קאַץ, און אַזוי ווייטער. איינער דערציילט עפּעס. און אַז ער זאָגט דאָס וואָרט: הונט — טוט אַ ביל דאָס קינד, וואָס איז אַ הונט. אַז ער זאָגט דאָס וואָרט: פערד — טוט אַ הירזשע דאָס קינד, וואָס איז אַ פערד. און אַזוי אַלע איבעריקע „כאַיעס".

2. דיזעלביקע שפּיל קאָן מען אויך שפּילן מיט קאַרטלאַך. אַזוי: מען שרייבט אָן אויף קאַרטלאַך, אויף שטיקלאַך פּאַפּיר, ווי אַזוי עס שרייט יעדע כאַיע (אַ הונט בילט, אַ ציג מעקעט, און אַזוי ווייטער). די קאַרטלאַך מישט מען אויס און יעדעס קינד ציט אַ קאַרטל. וואָס אין קאַרטל שטייט, דאָס טוט עס. שטייט אין קאַרטל: אַ פערד הירזשעט — הירזשעט עס. שטייט אין קאַרטל: אַ זשאַבע קוואַקעט — קוואַקעט עס. און אַזוי אַלע איבעריקע.

3. אַ ציג... אַ הונט...
אַ כאַזער... אַ וואָלף...
אַ קאַץ... אַ פערד...
אַ מויז... אַ קו...

שרייב איבער. אַנשטאָט די פּינטעלאַך שטעל אַ וואָרט פון די ווערטער:

קוואַקעט. וואַיעט. הירזשעט. ביליעט.
מרוקעט. מעקעט. מיאַוקעט. כרוקעט.

# דער הונט וואָס האָט געוויינט

אַף אַ פאַרם צווישן הויכע בערג, האָט געלעבט אַ גרויסער, האַריקער הונט. מען האָט אים אַ נאָמען גע־געבן לייב, ווייל ער האָט אויסגעזען ווי אַ לייב. זיין פעל איז געווען אַ ברוינע, מיט אַ גרויסן האַריקן עק. נאָר אויגן האָט ער געהאַט גוטע. ער האָט זייער ליב געהאַט קליינע קינדער. ער האָט זיי געלאָזט טאָן מיט זיך אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט. ניט איינמאָל האָט אַ קינד פאַרדוקט לייבן אין האַלז אַ הענטל אַזוי טיף, אַז לייב פלעגט זיך אויש ווארגן. ער האָט אָבער אַפן קינד ניט געבייזערט זיך און אים ניט געביסן.

אין דער גאַנצער געגנט האָט מען געוואוסט, אַז לייב איז אַ פריינט פון קינדער. און קינדער האָבן לייבן ליב געהאַט. זיי פלעגן אים אויסקאַטשן אין זאַמד, רייסן פאַר די אויערן און לייב האָט אַלץ געדולדיק אַריבער־געטראָגן. ער פלעגט אַ לעק טאָן דעם קינדס הענטל מיט זיין גרויסן וואַרימען צונג, ווי ער וואָלט געדאַנקט פאַרן שפּילן זיך מיט אים. מיט קיין הינט האָט זיך לייב ניט געכאַווערט.

עס איז געווען אַ הייסער זומער־טאָג. אַלע געסט, וואָס זיינען געקומען אַף אָפּרו, האָבן ניט געוואוסט וואו אַהינצוטאָן זיך פון דער היץ. דער הונט לייב איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרשמאַכטער. דער פאַרמער האָט פאַרגעסן געבן לייבן אַ טרונק. לייב איז אַרומגעגאַנגען אַן אומעטיקער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק.

ער איז צוגעגאַנגען צום באַלעבאָס, געקוקט אים אין די אויגן אַריין און געבעטן אַ טרונק. דער באַלעבאָס

האָט לייבן ניט באַמערקט. ער איז געווען פאַרנומען מיט די געסט.

ליבעלע, די שטיפערקע פון פאַרם, איז צוגעלאָפן א פאַרשוויצטע צו לייבן. זי האָט אים אָנגענומען פאַר די אויערן און זיך געזעצט אַף אים רייטנדיק. עס איז לייבן שווער געווען צו האַלטן ליבעלען אַף זיך אין אַזאַ הייסן טאָג. ער האָט אָבער געשוויגן. ער האָט ליב געהאַט ליבעלען מיט די צעפּלאָמטע בעקלאַך און גאָלדענע לאָקן. ליבעלע האָט ניט באַגנוגנט זיך מיטן רייטן אַף לייבן. זי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן עק און גענומען רייסן. ליבעלע האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן, אַז לייב איז אַ לעבעדיקער הונט. זי האָט געמיינט, אַז זי שפּילט זיך מיט אַ צאַצקע.

לייב איז געווען נערוועז. ער האָט אָנגעהויבן בורטשען. אָבער ליבעלען איז געפעלן געוואָרן זיין בורטשען. האָט זי אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער רייסן אים פאַרן עק. לייב האָט ניט אויסגעהאַלטן. דער דורשט און די היץ האָבן אים געמאַטערט און געמאַכט זייער נערוועז. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן ליבעלען פאַר'ן האַנט און זיך איינגעביסן מיט די ציין. די קליינע ליבעלע האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש. ליבעלעס מאַמע איז צוגעלאָפן. דערנאָך אַלע געסט. מען האָט געמאַכט אַ גוואַלד, אַז דער הונט איז משוגע געוואָרן.

דער פאַרמער, אויסער זיך פון כּעס, איז צוגעלאָפן צו לייבן און אים אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש. לייב איז געשטאַנען אַ שולדיקער און אינגאַנצן געציטערט. ער האָט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס אַנטקעגן דעם באַלעבאָס. און מיט געבעט אים געקוקט אין די אויגן אַריין. דער באַלעבאָס אָבער האָט געפּאַטשט לייבן איבער די באַקן.

לייב האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. ער איז גע־שטאַנען אַזוי די הינטערשטע פיס און זיינע פאָדערשטע פיס האָבן געציטערט אין דער לופטן. ער האָט גע־קוקט אָפן באַלעבאָס און פון זיינע קלוגע, גוטע אויגן האָבן זיך טרערן געגאָסן.

איז לייב געווען שולדיק?

# ווי לעמאַך האָלט געלט

לעמאַך איז געווען אַ גרויסער נאַר — אַ נאַר כאָטש אין קרימען שפּאַר.

איינמאָל שיקט אים זיין מאַמע עפּעס קויפן, גיט זי אים געלט און זאָגט צו אים:

— זע, לעמאַכקע, פאַרליר ניט דאָס געלט!

ענטפערט לעמאַך:

— האָב קיין מורא ניט, מאַמע, איך וועל ניט פאַר־לירן. איך ווייס, ווי צו האַלטן געלט.

— און זע, מען זאָל ביי דיר ניט אַרויסגאַנווענען! — זאָגט צו אים ווייטער די מאַמע.

צעלאַכט זיך לעמאַך מיט זיין נאַרישן געלעכטער, און ער ענטפערט:

— אַ, ניין, מאַמע! ביי מיר וועט מען ניט אַרויס־גאַנווענען. איך ווייס, ווי צו האַלטן געלט.

זאָגט צו אים די מאַמע:

— נו, טאָ ניי, מיין קינד, און קער זיך אום גיך

מאַכט לעמאַך:

— אַז איך וועל גיין גיך, וועל איך מאַך רייסן די שיך.

זאָגט צו אים די מאַמע:

— נו, טאָ גיי פּאַמעלאַך!

מאַכט ווידער לעמאַך:

— אַז איך וועל גיין פּאַמעלאַך, וועט מען מיך דאָך רופן לעמאַך!

זאָגט צו אים די מאַמע:

— נו, טאָ גיי ווי דו ווילסט!

---

איז לעמאַך אַוועק. גייט ער און דאָס געלט האַלט ער ניט אין קעשענע, נאָר אין האַנט, און די האַנט איז ביי אים ניט פאַרמאַכט, נאָר אָפן. אַזוי אַז אַלע זעען, וואָס ער טראָגט אין האַנט.

שטעלט אים אָפּ איינער אַ מאַן און פרעגט אים:

— ווי רופט מען דיך, אינגל?

ענטפערט ער: לעמאַך.

זאָגט צו אים דער מאַן:

— טאָ זיי זשע ניט קיין לעמאַך און טראָג ניט אָפן דאָס געלט אין האַנט.

ענטפערט לעמאַך:

— עס איז בעסער, אַז איך טראָג אָפן.

פרעגט דער מאַן:

— פאַרוואָס?

ענטפערט לעמאַך:

— ווייל איך קוק אָפן געלט אין האַנט, קען איך ניט פאַרלירן.

מאַכט צו אים דער מאַן:

— קענסט דאָך דאָס אַריינלייגן אין קעשענע, וועסטו ניט פאַרלירן.

זאָגט לעמאַך:

— אַז איך וועל אַריינלייגן אין קעשענע, וועט דאָך קומען אַ גאַנעוו און אַרויסנעמען!

מאַכט דער מאַן:

— אויב דו ביסט אַזאַ כאַכעם און ווילסט דאָווקע טראָגן אין האַנט, טאָ פאַרוואָס פאַרמאַכסטו ניט די האַנט?

ענטפערט לעמאַך?

— הע, הע! אַז איך וועל פאַרמאַכן די האַנט, וועל איך דאָך ניט זען דאָס געלט, וועל איך דאָך פאַרגעסן, אַז איך האָב געלט!

גיט דער מאַן אַ מאַך מיט דער האַנט און זאָגט:

— אַז מען זאָגט אַ לעמאַך, איז טאַקע אַ לעמאַך. און דער מאַן איז אַוועק.

---

לעמאַך איז זיך געגאַנגען ווייטער זיין וועג, און דאָס געלט אַלץ געהאַלטן אָפן אין האַנט.

באַגעגנט אים אַ צווייטער מאַן. אָבער דער מאַן איז שוין געווען אַ גאַנעוו און אַ שווינדלער, און אים איז געפעלן געוואָרן, וואָס לעמאַך טראָגט דאָס געלט אָפן אין האַנט.

מאַכט דער מאַן צו לעמאַכן:

— ביסט זייער אַ קלוג אינגל, ווי איך זע. ווי רופט מען דיך?

ענטפערט ער: — לעמאַך!

זאָגט דער מאַן: לעמאַך איז אַ פיינער נאָמען. אַלע קלוגע אינגלאַך רופט מען לעמאַך.

איז דאָס לעמאַכן געפעלן געוואָרן. זאָגט ער צום מאַן: אָבי זיי זאָגן אַלע, אַז לעמאַך איז אַ נאַר.

מאַכט דער מאַן:

— הער זיי ניט, וואָס זיי זאָגן! לעמאַך איז אַ קלוגער.

זאָגט לעמאַך:

— איך האָב דיך האָלד. דו ביסט אַ גוטער מאַן.

מאַכט דער מאַן:

— אַוואַדע בין איך אַ גוטער און איך האָב דיך אויך האָלד. דיר מוז אַוואַדע שווער זיין צו-טראָגן דאָס געלט אין האַנט? דאַרפסט דאָס טראָגן ווייט?

— אָט דאָ אין קראָם, צו קויפן עפּעס פאַר דער מאַמען, — ענטפערט לעמאַך.

— אָ, איז דאָך ניט ווייט, — זאָגט דער מאַן, — און דו ביסט שוין פאַרשוויצט! לאָז מיך, וועל איך דיר אָפּווישן דעם שווייס און איך וועל טראָגן דאָס געלט פאַר דיר.

מאַכט לעמאַך:

— ביסט זייער אַ גוטער מאַן. נאַ דיר, טראָג. און ער האָט אים אָפּגעגעבן דאָס געלט.

— ביסט אַ קלוג אינגל, לעמאַך, — האָט געזאָגט דער מאַן. — שטיי דאָ נאָר איין ווײַלינקע. איך דאַרף דאָ אַריין אין אַ הויז אין דער צווייטער גאַס. איך וועל באַלד צוריקקומען, און מיר וועלן ביידע גיין אין קראָם אַריין קויפן, וואָס דו דאַרפסט פאַר דיין מאַמען.

האָט אים לעמאַך געגלויבט און געלאָזן אים גיין.

---

און לעמאַך האָט געוואַרט און געוואַרט, און דער מאַן איז נאָר ניט געקומען, וואָרים ער איז דאָך געווען אַ שווינדלער און אַ גאַנעוו און געוואָלט נאָר אויסנאַרן דאָס ביסל געלט ביי לעמאַכן.

לעמאַך האָט געזען, אַז דער מאַן קומט ניט, איז ער אים אַוועק זוכן. און ער האָט ביי יעדן געפרעגט און יעדן דערציילט די מייסע, ווי עס איז געווען, און אַלע

האָבן געלאַכט פון אים, גרויס און קליין, און האָבן גע־זאָגט צו אים:

— ניט אומזיסט רופט מען דיך לעמאַך. ביסט טאַקע אַ לעמאַך.

לעמאַך איז אַוועק אַהיים מיט גאָרנישט, אָן געלט און אָן סחורה.

אַז ער איז אַריין אין הויז, האָט אים די מאַמע גע־פרעגט:

— וואו ביסטו דאָס פאַרפאַלן געוואָרן?

מאַכט לעמאַך:

— איך בין ניט פאַרפאַלן געוואָרן. דער מאַן מיטן געלט איז פאַרפאַלן געוואָרן.

פרעגט די מאַמע אַ פאַרוואונדערטע:

— וועלכער מאַן? וואָסער געלט?

האָט איר לעמאַך דערציילט די גאַנצע געשיכטע.

האָט די מאַמע געזאָגט:

— ווי איז מיר! וואָס פאַר אַ לעמאַך אַ קינד איך האָב!

ווער קען מען רופן לעמאַך?

וויפיל בילדער קען מען אָנמאָלן צו דער מייסע?

מאָל אָן די בילדער און שרייב אונטער, וואָס זיי מיינען.

אויב דו קאָנסט ניט מאָלן, דערצייל ווען די בילדער און שרייב אָן, וואָס יעדעס בילד מיינט.

צום ביישפיל:

1. די מאַמע גיט לעמאַכן געלט.
2. לעמאַך גייט איבערן גאַס און האַלט דאָס געלט אין דער האַנט.

און אַזוי ווייטער.

# אַרבעט און אַרבעטער

## אין פֿאַבריק

שטייען אויסגעשטעלט מאַשינען,
אַלע אין פֿולן גאַנג.
און זיי רוישן און זיי זשומען:
זיג, זאַג, זיג, זאַג!

פֿאַסן יאָגן, רעדער לויפֿן —
גיך, גיך, גיך!
פֿון פֿאַבריק צום פֿאַרקויפֿן —
שיך, שיך, שיך!

ווי הייסט א פֿאַבריק, וואו מען אַרבעט אויס שיך?
ווי הייסט דער אַרבעטער, וואָס מאַכט שיך?

| איינס | אַסאַך |
|---|---|
| פֿוס | פֿיס |
| שוך | שיך |
| נוס | ________ |
| קו | ________ |
| זון | ________ |

# פאַרבער



פאַרבער שטיען אפן דאך
טוען אַרבעט נאָך אַסאַך.
פאַרבער פאַרבן שוין די ווענט
מיט די בערשטלאך אין די הענט.
ווער עס גייט פאַרביי זאָל היטן
זיינע קליידער און זיין היטל.
פאַרב פון בערשטל רינט אַראָפּ
גלייך דעם גייער אפן קאָפּ.

דער פאַרבער . . . . . . . . .

וואו האָסטו געזען ווי פאַרבער אַרבעטן ?

# דער גאַסן־קערער און דער מיסט־פירער

דאָס איז געווען זונטיק אינדערפרי. דער טאַטע איז ניט געגאַנגען צו דער אַרבעט. די קינדער זיינען ניט געגאַנגען אין שול. אַלע זיינען אויפגעשטאַנען פרי, זיך ארומגעוואַשן, אָפּגעגעסן און אָפּגעמאַכט צו גיין אין פּאַרק.

די מאַמע האָט זיך גענומען ריין מאַכן אין שטוב. איך איז אָבער שווער געווען אַליין. האָט זי געבעטן סאַרען, זי זאָל איר העלפן. סאַרע איז דאָס עלטסטע קינד אין שטוב און איז שוין אַלט צוועלף יאָר.

האָט סאַרע אַ זאָג געטאָן:

— וואָס בין איך אַ גאַסן־קערער, צי אַ מיסט־פירער?

די מאַמע איז אַז סאַרען ניט אין קאָס געוואָרן, כאָטש סאַרע איז געווען זייער שולדיק. די מאַמע האָט סאַרען דערקלערט אַט־וואָס:

— ווייסטו, סאַרע, וואָס דו האָסט געזאָגט? דו האָסט גערעדט וועגן די גאַסן־קערער און מיסט־פירער זייער ניט גוט. די גאַסן־קערער און מיסט־פירער טוען אַזאַ גוטע אַרבעט. זיי רייניקן אונזער שטאָט, פירן אוועק דאָס מיסט. זיי אַרבעטן זייער שווער, כאָטש זיי קריגן שלעכט באַצאָלט. אַז די גאַסן־קערער און מיסט־פירער וואָלט זיך די שטאָט ניט געקאָנט באַגיין אַפילו קיין איין טאָג. קראַנקייטן וואָלטן זיך פאַרשפּרייט אין אַלע הייזער פונם שמוץ אין די גאַסן.

סאַרע האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר זי האָט אַ פאַרשעמטע זיך אַ כאַפּ געטאָן צום בעזים און אָנגעהויבן אַרבעטן אַזוי געשמאַק, אַז אין אַ קורצער צייט האָט זי געמאַכט, צוזאַמען מיט דער מאַמען, די שטוב ריין ווי גאָלד.

# דער גאסן־קערער



הערי וויל ווערן א גאסן־קערער. טראכט צו א טייטעלע צו דעם.

| איינס | אסאך |
| --- | --- |
| אַרבעטער | אַרבעטער |
| לערער | לערער |
| זינגער | זינגער |
| שניידער | ________ |
| בעקער | ________ |
| שוסטער | ________ |

# דער מילך־מאַן

מאַרטין איז אַ וואוילער אינגל. ער איז אַלט 7 יאָר. ער האָט ליב שיינע מייסעלאַך. פאַרן שלאָפן דערציילט אים די מאַמע אָפט אַ שיין מייסעלע, און מאַרטין שלאָפט גום אַ גאַנצע נאַכט. איינמאָל האָט זיך מאַרטין אויפגע־כאַפּט פריער ווי אַלעמאָל און אַ רוה געטאָן זיין מאַמען:

— מאַמע, עמיצער גייט אַרויף די שטיגן. ווער קאָן עס זיין?

די מאַמע איז שוין געווען אויפגעשטאַנען און צוגע־גרייט פרישטיק. זי איז צוגעגאַנגען צו מאַרטינען און אים געזאָגט:

— דאָס איז דער מילך־מאַן, מאַרטין. ער ברענגט מילך פאַר די קינדער. ווען אַלע שלאָפן נאָך, פאָרט ער שוין אַרום איבער די גאַסן און שטעלט אַוועק לעבן די טירן מילך. ער לויפט אַרויף און אַראָפ פון די שטיגן. שווער איז זיין אַרבעט. דאָס געלט פאַר דער מילך קריגן די רייכע באַלעבאַטים, און דער מילך־מאַן קריגט זייער ווייניק פאַר זיין שווערער אַרבעט.

— אָבער מילך קריגן אַלע קינדער?

— ניין, מיין קינד, ניט אַלע קינדער קריגן מילך. פאַראַן אַזוי פיל קינדער, וואָס זייערע עלטערן קאָנען ניט קויפן קיין מילך פאַר זיי. דער מילך־מאַן וואָלט געווען צופרידן צוצושטעלן מילך פאַר אַלע קינדער. די באַלע־באַטים ווילן אָבער ניט געבן קיין מילך אָן געלט.

מאַרטין האָט דעם פרימאָרגן שוין מער נישט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן די קינדער, וואָס האָבן ניט קיין מילך.

שרייבט: קינדער. מייסעלאַך. וועגן דעם אייז־מאַן, קוילן־מאַן און ברויט טרעגער.

# ראכעלעס טאטע

(קינדערשעס)

ראכעלעס טאטע ארבעט זייער שווער אין פאבריק און קריגט ווייניק באצאלט. עס איז אים שווער אויסצוהאלטן זיין פאמיליע. ער האט אלע אה בעסערע צייטן. און די בעסערע צייטן קומען ניט. ראכעלע האט שטארק ליב איר טאטן. ווען דער טאטע קומט פארנאכט אהיים פון דער ארבעט א מידער און א פארזארגטער, ווערט ראכעלע טרויעריק. זי טראכט ווי אזוי צו העלפן די ארבעטער. איינמאל האט זי געפרעגט דעם טאטן וועגן דעם. האט דער טאטע איר געענטפערט: „ווען אלע ארבעטער זאלן זיך צוזאמענגעמען און סטרייקן פאר העכערן לוין, קאנען זיי זיך העלפן." ראכעלע איז אוועק פון טאטן א צופרידענע און האט בא זיך באשלאסן: „ווען איך וועל עלטער ווערן, וועל איך העלפן אלע ארבעטער מיט וואס איך וועל נאר קאנען."

ארבעט: געפין אויס בא דיין טאטן:

(1) בא וואס ער ארבעט.
(2) וויפיל שא א טאג ער ארבעט.
(3) ווי זעט אויס זיין שאפ, צי ער איז גרויס און ליכטיק אדער פארקערט.
(4) וויפיל ארבעטער עס ארבעטן מיט אים.
(5) צי ער געהערט צו א יוניאן און צי זיין שאפ איז א יוניאן-שאפ.
(6) צי דיין טאטע האט אמאל געסטרייקט.
שרייב דאס אלין אן און לייען פאר אין קלאס.

# א שפּיל אין „שאַפּ"

קינדער האָבן זיך געשפּילט אין גאַס. געשפּילט זיך אין איין שפּיל, אין נאָך אַ שפּיל, און עס איז ניט געבליבן אין וואָס זיך צו שפּילן. אין שטוב גיין האָבן די קינדער ניט געוואָלט. ס'איז געווען אַ זוניקער, מילדער ווינטער־טאָג. שטייען די קינדער און טראַכטן וואָס צו טאָן. רופט זיך אָן מיני:

— איך האָב אויסגעטראַכט אַ נייע שפּיל. אַ שפּיל אין „שאַפּ". לאָמיר זען, וואָס ס'וועט אַרויסקומען. בערל, דער פּעטער, וועט זיין דער באַלעבאָס; סידני, וואָס האָט ליב צו שלאָגן זיך, וועט זיין דער פאָרמאַן, און מיר אַלע וועלן זיין די אַרבעטער.

די שפּיל איז די קינדער זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן, און מ'האָט זיך גענומען גרייטן זי דורכצופירן. די „אַרבעטער" האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי און גענומען מאַכן מיט די פיס און מיט די הענט, ווי מ'אַרבעט אויף ניי־מאַשינען. זיי האָבן געזונגען און געאַרבעט.

דערנאָך איז אַריינגעקומען דער „פאָרמאַן" סידני און זיך צעשריען:

— וואָס פאַראַ זינגען אינמיטן דער אַרבעט? אַז מען אַרבעט, זינגט מען ניט. דער באַלעבאָס צאָלט געלט פאַר אַרבעט און ניט פאַר זינגען. אַרבעט אַביסל שנעלער, אַז ניט קאָנט איר זיך זוכן אַן אַנדער שאַפּ.

סידני איז אַרומגעגאַנגען צווישן די „אַרבעטער", געקוקט ווי יעדער „אַרבעטער" אַרבעט, און זיך געבייזערט.

דאָ איז אַריינגעקומען דער „באַלעבאָס", בערל דער פּעטער, ער האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ שמייכל אויף „זיין שאַפּ" און צוגערופן סידנין דעם „פאָרמאַן".

— נו, ווי גייט די אַרבעט ? זעסט, יענער אַרבעטער איז, דאַכט זיך, צו אַלט. מ׳דאַרף אים אָוועקשיקן. און דער, אַז דאַרט, רעדט אַז די אַרבעטער, אַז מען דאַרף סטרייקן און נעמען מער געלט. וואָלט מען אים אויך גע־דאַרפט אָוועקשיקן. מ׳דאַרף אַזעלכע אַרבעטער ניט האַלטן. האָב עס אינזינען — און דער „באַלעבאָס" איז אָוועק.

דער „פאַרמאַן" איז צוגעגאַנגען צו די צוויי אַרבעטער און געהייסן זיי גיין אַהיים, ווייל דער באַלעבאָס האָט מער ניט קיין אַרבעט פאַר זיי.

קלאָגט זיך דער אַלטער אַרבעטער :

— וואו וועל איך גיין ? וואָס וועל איך איצט טאָן ? ווערן אַ בעטלער אַף די עלטערע יאָרן ? אַזויפיל יאָרן אָוועקגעגעבן דאָס געזונט און איצט וועל איך דאַרפן הונ־גערן. . .

אָבער דער יונגער אַרבעטער האָט אַ געשריי געטאָן :

— מיר אַרבעטן אַלע צוזאַמען. באַוויירים זיינען מיר. וועט איר לאָזן, אַז דער באַלעבאָס זאָל אָפּזאָגן אייערע צוויי באַוויירים ? !

- - ניין ! — האָבן אַלע אויסגעשריען ווי איין מענטש.

די שפּיל איז אַדורך אויסגעצייכנט.

— איצט, — האָט זיך אָנגערופן מיני, — וועלן מיר שפּילן אַ „שאַפּ" אין סאָוועטן־לאַנד. — און זי האָט אַלע קינדער דערקלערט ווי צו שפּילן.

די קינדער זיינען באַלד ווידער געוואָרן „אַרבעטער". אָבער וואָס פאַר אַ גרויסער אונטערשייד ? קיין באַלעבאָס איז אין דער שפּיל ניט געווען, ווייל עס זיינען ניטאָ קיין באַלעבאַטים אין סאָוועטן־לאַנד. קיין פאַרמאַן איז אויך ניט געווען, נאָר אַ כאָווער־אַרבעטער איז אַרומגעגאַנגען צווישן די אַרבעטער און מיט אַ שמייכל אַפן פּנים אַרויס־

געהאָלפן די אַרבעטער און געגעבן אַן אייצע, ווען מ'האָט געדאַרפט. מ'האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט, ווייל די אַרבעטער זיינען די באַלעבאַטים פון דער פאַבריק, און אַן אַרבעטער וועט זיך אַליין ניט אָפּזאָגן. די אַרבעטער זיינען געזעסן בא דער אַרבעט פריילאַכע, צופרידענע און מונטערע.

די קינדער איז די צווייטע שפּיל „שאַפּ" געפעלן געוואָרן בעסער ווי די ערשטע. אָבער איין קינד האָט זיך אָנגערופן צו מינין:

— טאָ וואָס טוט מען אין סאָוועטן־לאַנד מיט אַלטע אַרבעטער, וואָס קאָנען ניט אַרבעטן מער? מען קאָן דאָך ניט האַלטן אין שאַפּ אַן אַרבעטער, וואָס קאָן ניט אַרבעטן.

— אַלטע אַרבעטער, וואָס קאָנען מער ניט אַרבעטן, ווערן ניט קיין בעטלער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. די אַרבעטער־רעגירונג באַזאָרגט אַזעלכע אַרבעטער מיט אַליז, וואָס זיי דאַרפן, און זיי לעבן אויס זייערע יאָרן ווי שטאָלצע ערלאַכע מענטשן. ס'איז זייער לאַנד און זייער אַרבעטער־רעגירונג. דערפאַר איז אין סאָוועטן־לאַנד אַזוי אַנדערש ווי אין אַמעריקע.





# אַלע פֿאַר אײנעם — אײנער פֿאַר אַלע

באַ דער אַרבעט, מאַשין,
אױפֿן יאַם, אָדער באַן,
אין פֿעלד און אין שטאָט
אַזאַ ליד איז פֿאַראַן:
אַלע פֿאַר אײנעם, אײנער פֿאַר אַלע.
װײס קאָליר, אָדער געל,
ברױנע הױט, אָדער שװאַרץ,
אַלע אײנס, אַלע אײנס,
װער עס האָט אַ גוט האַרץ —
אַלע פֿאַר אײנעם, אײנער פֿאַר אַלע.



# דער קלײנער שיך-פּוצער

אַ רײַכער פּוצט ניט זײַנע שיך
בײַ קלײנע אײנגעלאַך ווי איך
ער גײט אין שיך, וואָס זײַנען נײַ,
און גײט דאָ קײנמאָל נישט פאַרבײַ.
ער פאָרט אין זײַן אויטאָמאָביל
און קויפט זיך אַלצדינג וואָס ער וויל.

וועלכע קינדער מוזן ארבעטן?

# בעני מיט דער פעני

דער אינגל בעני האָט געקראָגן אַ פעני. פאַרוואָס עפעס נאָר אַ פעני און ניט קיין ניקל אָדער אַ דאַים, אַזוי ווי די אינגלאַך מענאַשע און עפראַים? אָדער אַ קוואָרטער?

פאַרוואָס? פאַר דאָס. ווייל דעם אינגל בענים טאַטע איז פון די קאַבצאָנים, וואָס האָבן ניט די מעזומאָנים, און מער ווי אַ פעני קען ער בענין ניט געבן.

נו, האָט בעני גענומען די פעני און גענומען גלייך לויפן אין קראָם עפעס קויפן.

איז ער פאַרבייגעלאָפן אַ בעקעריי, האָט ער דאָרטן דערזען גוטע זאַכן — איי־איי־איי! האָט זיך אים פאַר־וואָלט און ער האָט זיך אָפגעשטעלט.

טראַכט בעני: וואָס זאָל ער קויפן פאַר זיין פעני? וואָס פעלט דעם לעקאַך, ווען ס'איז נאָר ניט טייער דער מעקאַך?

און בעני גייט טאַקע אַריין גלייך אין דער בעקעריי און ער ווייזט אָן מיטן פינגער אָפן לעקאַך, פרעגנדיק דעם מעקאַך:

— ווי טייער?

— בראַנד־פייער!

פרעגט בעני:

— און וויפיל איז אַ שטיקל?

ענטפערט דער בעקער:

— ניט ווייניקער ווי אַ ניקל.

— מאַכט בעני:

— איך האָב אָבער אַ פעני!

— דו ביסט עפשער קלוג, אָבער אַ פעני איז ניט גענוג.

פרעגט בעני:

— און וואָס זאָל איך נעמען מער ווי אַ פעני?

— גיי בעט בא דיין מוטער.

— דאַנק פאַר דער אייצע! איר זייט זייער אַ גוטער!

— טאַ גיי בעט באַ דיין פאָטער !
— פון וואַנען האָט ער ?
— טאַ בעט באַ דיין זיידן אָדער באַ דיין באָבען ?
— פון וואַנען זאָלן זיי האָבן ?
— טאַ גיי און פאַרדין !
— אַזוי קליין ווי איך בין ?
— אַ, וועסט קלענערע געפינען, וואָס גייען פאַר־דינען !
— אָבער באַ וואָס קען איך פאַרדינען ?
— אַ דייגע באַ וואָס ! דו וועסט שוין געפינען. קענסט, לעמאָשל, צייטונגען פאַרקויפן אָדער אַ גאַנג פאַר ווּעמען לויפן.

פרעגט בעני :

— פאַר וואָס זאָל איך צייטונגען קויפן און פאַר ווע־מען אַ גאַנג זאָל איך לויפן ?

גיט דער בעקער אַ טראַכט און נאָכדעם אַ מאַך :

— אויב דו האָסט ניט פאַר וועמען, וועל איך דיך נעמען.

און בעני איז געבליבן באַם בעקער אַרבעטן : אַ גאַנג געגאַנגען, די בייגל געהאַנגען, געריבן די מאָן און אַנדערע זאַכן געטאָן.

ער האָט אָפּגעאַרבעט דעם טאָג, האָט אים דער בע־קער געגעבן פונקט אַכצן פענים און געהייסן אים אויך מאָרגן קומען.

בעני איז מיט די אַכצן פענים אַהיים געקומען, פרעגט אים דער טאַטע און עס פרעגט אים די מאַמע :

— וואו האָסטו דאָס גענומען ?

זאָגט בעני :

— איר האָט מיר געגעבן אַ פעני. האָב איך גענומען לויפן עפּעס קויפן.

און ער האָט זיי דערציילט די גאַנצע מייסע פון אָנהויב ביז סאָף און פון אַלעף ביז טאָוו.

און די מאַמע לאַכט און דער טאַטע מאַכט :

— האסט מיט דער איין פעני, וואס דו האסט בא מיר גענומען, גאנצע אכצן געוואונען! ביסט א יאט א כוואט און א גאנצער פארדינער און גארניט קיין גרינער!

און דערנאך זאגט דער טאטע און אויך די מאמע:

— ביסט דאך אבער נאך קליין און דארפסט אין שול גיין!

— איך מח אבער פארדינען, ווארים איך זייט ארים!

—האט בעני געטיינעט.

און אזוי איז געבליבן, און בעני איז געגאנגען אלע טאג צום בעקער ארבעטן: א גאנג געגאנגען, די בייגל געהאנגען, געריבן די מאן און אנדערע זאכן געטאן.

ש ו ו ע ר ע ו ו ע ר ט ע ר:

קאבצאנים — ארימע לייט.

מעזומאנים — געלט.

כעקאך — פרייז.

א ר ב ע ט: דערציייל די מייסע מיט דיינע ווערטער.

# אוונט

טיק, טיק, טיק, טיק, טיק, טיק...

„דער טאטע איז נאך אין פאבריק" —

האט זיך פייגעלע פארטראכט:

„ער ארבעט דארט פון פרי ביז נאכט.

און קומען קומט ער שפעט אהיים,

מע קאן שוין דאן אין גאס נים גיין;

זיצט זי באם פענצטער אפן,

ביז זי ווערט אזוי אנטשלאפן..."

ש ר י י ב: ווי איך באנעגן מיין טאטן, ווען ער קומט פון דער ארבעט.

א ר ב ע ט: ווען קומט דיין טאטע פון דער ארבעט?

# מאַקסעלע

מאַקסעלע איז אַ קליינער אינגל, זעקס יאָר אַלט.

ער איז אַן אַרבעטער־קינד: זיין טאַטע און מאַמע, ביידע אַרבעטן אין שאַפּ.

אינדערפרי שטייט אויף דער טאַטע און גייט אַוועק צו דער אַרבעט. די מאַמע טוט מאַקסעלען אָן, זי גיט אים אָפּצועסן זיין פרישטיק, קושט אים אָן און גייט אויך אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג. אַלעמאָל איילט זי זיך זייער און זאָגט, אַז זי האָט מורא צו פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט.

איין טאָג אין וואָך בלייבן טאַטע־מאַמע אינדערהיים. דאַמאָלסט איז מאַקסעלען גוט. זיי שפּילן זיך מיט אים, קושן אים, דרייען זיינע בלאָנדע האָר אויף די פינגער. מ'דערציילט אים שיינע מייסעלאַך. מייסעלאַך האָט ער אַזוי ליב צו הערן.

אַז די מאַמע גייט אַוועק, בלייבט מאַקסעלע איבער איינער אַליין. ער גייט אַרויס אויפן „סטופּ" און שלעפּט מיט זיך נאָך אַ שטול. דעם שטול מאַכט ער פאַר אַ טישל און אַליין זעצט ער זיך אַוועק אויפן שוועל. אויפן שטול לייגט ער פאַנאַנדער זיינע העפטן און נעמט זיך מאָלן בילדער.

פון אַ סאַך מאָלן ציען אים די פינגערלאַך. ער לייגט אַוועק דאָס בערשטעלע אין אַ זייט און פאַרקוקט זיך אויף די שפּילנדיקע קינדער אין גאַס.

מאַקסעלע קומט אַריין אין הויז. די מאַמע לאָזט פאַר אים איבער אַלעמאָל עסן אין אַ פּעקעלע. ער עסט און זוכט ווייטער מיט וואָס זיך צו שפּילן.

ער נעמט דער מאַמעס אַלבאָם און בלעטערט איבער אַלע בילדער. ער שווענקט זיך מיטן וואַסער אין „סינק", און נעצט אויס זיינע אַרבל. ער גיט עסן דעם קעצל, מאַכט זיך אַ פּויק פון אַ פּאַן, קלאַפּט אויף דעם מיט גאָפּל און לעפל און מאַרשירט אַרום.

מאַקסעלע האָט שוין אָפּגעטאָן אַלע אַרבעטן. מער

האָט ער גאָרנישט וואָס צו טאָן. אין גאַס ווערט טונקל. אים ווערט אומעטיק. ער האָט שוין איפּגעגעסן דאָס גאַנצע פּעקל, וואָס די מאַמע האָט פֿאַר אים געלאָזן, און איצט איז ער ווידער הונגעריק, דאָס הערצל הייבט אים אָן שטאַרק צו נאָגן.

אויף אן איבערשטער פּאָליצע דערזעט מאַקסל אַ קעסטל צוקערקעלאַך. צוקערקעלאַך האָט ער ליב. ער ציט אים אינדערהייך זיין דאַר הענטל. אָבער ס'קעסטל איז אַזוי הויך, אַז ער וועט ניט קאָנען דערלאַנגען.

ער שלעפּט צו אַ שטול און שטעלט זיך אויף איר אַרויף. אָבער ס'איז נאָך צו נידעריק. מאַקסעלע לויפט אַרום איבער דער שטוב און מיט גלאַנציקע אייגעלאַך קוקט ער אַרויף אַלץ אינדערהייך. באַלד גיט ער זיך אָן אייצע: ער נעמט דעם טיש און שלעפּט אים פֿאַר די פיסלאַך צו דער פּאָליצע. אויפן טיש שטעלט ער אַרויף אַ שטול און איבן לייגט ער אָן ברעטלאַך און קעסטלאַך. איצט וועט ער שוין זיכער קאָנען דערלאַנגען...

מאַקסעלע דראַפּעט זיך אַרויף אינדערהייך, ער קלע־טערט העכער און העכער, מיט די דינע פינגערלאַך טשע־פּעט ער זיך אָנם ברעג פֿון פּאָליצע, וואו ס'שטייט דאָס קעסטעלע מיט צוקערקעס.

פּלוצים טוט זיך עפּעס אַ טרייסל און אַ וויג. מאַק־סעלע פֿאַרלירט זיין גלייכגעוויכט. ער פֿליט מיט שטול און ברעטלאַך און קעסטלאַך, אַלץ צוזאַמען אויף דער ערד.

די מאַמע גייט אַריין און הייבט אים אויף אַ צעביילטן, אַ צעשלאָגענעם פֿון דעם דיל...

אַ ר ב ע ט:

1. פֿאַרוואָס האָט מאַקסעלע געדאַרפֿט זיין אַליין אין הויז?
2. וואו אַרבעט דיין מאַמע?
3. שרייב אָן, וואָס דיין מאַמעס אַרבעט איז, און לייען עס פֿאַר אין קלאַס.

# דער שיך־פוצער

אַף דער גאַס דעלענסי
שטיי איך ווינטיק פרי.
גלייך מיט אַלע שיך־פּוצער
שטיי איך אַף די קני.

איך וואַרט אַף שיך צו פּוצן
און קוק אַף אַלע פיס.
איך שריי און שריי צו מענטשן:
„שו־שיין! היער, פּליס!

שיין, שיין! אַ ניקל אַ שיין!
איך מאַך עס גוט און גיך!
שיין, שיין! אַ ניקל אַ שיין!
אַ שיין אַף אייערע שיך?"

נאָר עס הערט ניט קיינער
ווי איך שריי און שריי.
אַלע איילן זיך אַזוי
און גייען מיר פאַרביי.

כ'ווער הונגעריק פון שרייען
און קיין עסן האָב איך ניט.
און ס'טוען מיר וויי די אויגן
קוקנדיק אַף טריט.

אַזוי פיל מענטשן גייען
מיט ניט־געפּוצטע שיך.
זיי גייען אַלײן און גייען.
און ווי זיי איילן זיך!

# דער צייטונג־פארקויפער

(קינדערשעס)

עקסטרא! עקסטרא! — אין רעגן און אין קעלט הערט מען אלץ די ווערטער, מיט וועלכע מייקי, דער צייטונג־פארקויפער, מאכט באקאנט זיין סחורה צו אלע פארבייגייער.

מיט זיין היטל אף א זייט לויפט ער ארום פון איין ראג צו דעם אנדערן. ערשטנס, וויל ער פארקויפן וואס־שנעלער די צייטונגען, און צווייטנס, איז אים פאשעט קאלט, און אזוי לויפנדיק ווארעמט ער זיך אן.

היינט גיסט א שטארקער רעגן און דער ווינט בלאזט אזוי שטארק, ווי ער וואלט טאקע געוואלט אוועקבלאזן די רעגנדלאך. מייקי האט זיך אוועקגעשטעלט אונטער א דעכל צו באשיצן זיך פון רעגן, און פון אונטער דעם דעכל רופט ער אויס די נייעס, וואס געפינען זיך אין דער היינטיקער ־צייטונג.

די מייסע האט צוגעטראכט א קינד. טראכט דו אויך צו א מייסע וועגן א קינד, וואס פארקויפט קענדי אין קיי־גומע בא א סאבוויי אריינגאנג. שרייב עס אן.

# באם אינגל זאוול

כ׳בין געוועזן באם אינגל זאוול
אין דעם צווייטן גרויסן הויז.
און איך האב מיט אים ביז אוונט
זיך געשפילט אין קאץ און מויז.

איז אין שטוב בא אים דארט ווארעם
כאטש נעם און טו זיך נאקעט אויס;
און די צימערן ווי־זאלן —
ליכטיק, ברייט און זייער גרויס.

יעדער צימער האָט אַ פענצטער,
וואו סע שיינט די זון אריין.
קאָן דען, מאַמע, דאָס בײַ יעדן
נים, ווי דאָרט בײַ זאַװלען, זיין ?

וואָס־זשע איז בײַ אונז אין שטיבל
שטענדיק פינצטער, קאַלט און נאַס ;
וואָס־זשע איז בײַ אונז אין שטיבל
שטענדיק פינצטער, קאַלט און נאַס ;

א ר ב ע ט:

לייען שטיל און שטרייך אונטער די ריכטיקע ענטפערס :
1. זאַוול וואוינט אין אַ: גרויסן הויז, שיינעם הויז, קליינעם שטיבל.
2. זאַוולס מאַמע איז רייך, מײַן מאַמע איז רייך.
ענטפער אויף דעם אינגלס פראַגעס.

# אָרעמע און רייכע הייזער

בענים טאַטע איז אַן אַרבעטער. ער פאַרדינט ווייניק. בענים טאַטע קאָן נישט צאָל קיין סאך דירע־געלט, וואוינען זיי אין אַן אַלטער הויז, אַף אַן אָרעמער גאַס. דער טראָטואַר איז אַ שמאָלער. די גאַס איז אַ שמאָלע. הין און צוריק לויפן אויטאָמאָבילן, און מ'דאַרף זייער גוט אַכטונג געבן, ווען מ'גייט אַריבער די גאַס.

ווינטער ליגט דער שניי לאַנג אין גאַס ביז ער ווערט האַרט און שמוציק. מ'קאָן זיך אויסגליטשן און צעקלאַפן.

אַרום די הייזער איז נישטאָ נישט קיין ביימער, נישט קיין גראָז. ווען ס'קומט זומער, זעען אויס די הייזער טרוקן און פאַרשטויבט.

אין די הייזער איז ענג. ווייניק זון. די שטיגן אַף אַרויפצוגיין זײַנען שמאָלע און פון האָלץ. און נישט איינמאָל קומען פאָר אומגליקן, ווען עס ברעכט אויס אַ פײַער.

אָט אין אַזאַ הויז וואוינט בעני.

דער טאַטע האָט בעניין דערציילט, אַז די רייכע וואוי־נען אין גאָר אַנדערע הייזער. און די גאַסן זיינען ברייטע, זויבערע און שיינע.

האָט בעני געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל אים ווייזן די גאַסן און די הייזער, וואו די רייכע וואוינען. און בעניס טאַטע האָט עס געטאָן.

ס'איז פאַראַן אַ גאַס אַזאַ, הייסט זי „ריווערסייד דרייוו". אויף דער גאַס וואוינען די רייכע, די באַלעבאַטים. אַהין האָט דער טאַטע גענומען בעניין.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען אויף ריווערסייד דרייוו, האָט בעני ניט געקאָנט איינהאַלטן זיך פון פאַרוואונדערונג.

— אוי, סאַראַ שיינע הייזער! סאַראַ ברייטע פענצ־טער! און זע, טאַטע, סאַראַ ברייטע גאַס! עפּשער דריי מאָל אַזוי ברייט ווי אונזער גאַס. און בא אונז איז קיינמאָל נישט אַזוי ריין ווי דאָ.

בעני איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן, זיך פאַרטראַכט און דערנאָך אַ פרעג געטאָן:

— און דאָ וואוינט דער באַלעבאָס פון דעם שאָפּ, וואו דו אַרבעטסט?

— איך ווייס נישט. אָבער אויב ער וואוינט נישט דאָ, וואוינט ער אויף אַן אַנדער רייכער גאַס.

דער טאַטע האָט אַ קוק געטאָן אויף בעניין און געזאָגט:

— יע, בעני, דאָ וואוינען די באַלעבאַטים. און געבויט די הייזער האָבן אַרבעטער. די, וואָס האָבן געבויט די הייזער, וואוינען אין אַזעלכע הייזער ווי מיר.

בעני האָט געוואָלט ווידער עפּעס פרעגן דעם טאַטן, דער טאַטע האָט עס ניט באַמערקט און גערעדט ווייטער:

— אין סאָוועטן־לאַנד איז נישט אַזוי ווי דאָ. נישטאָ דאָרטן קיין רייכע הייזער פאַר באַלעבאַטים און קיין אָרימע הייזער פאַר אַרבעטער. אין סאָוועטן־לאַנד זיינען אַלע הייזער פאַר די אַרבעטער. און איצט בויט מען דאָרטן אַלץ שענערע הייזער און וואוינען אין זיי העלן אַרבעטער.

# טרעפּ.

טרעפּ און טרעפּ און טרעפּ.

און ביז צום אַכטן שטאָק טרעפּ.

און איך? איך גיי צופוס מײַן וועג.



איך גיי —

און גיי —

און גיי —

און גיי —

און גיי —

און גיי —

און גיי —

און גיי —

זאָגט, וועט נעמען ווען אַן עק

צו די אַלע טרעפּ און טרעפּ?

# מיין דירע.

מיין דירע האָט הדיי צימערן: אַ עס־צימער, אַ שלאָף־צימער און אַ קיך.

וויפיל צימערן האָט דיין דירע?
שרייב אַריין . . . . . . .

וועלכע צימערן זיינען אין דיין דירע? שרייב אַן:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך האָב אין מיין קיך: אַ גאַז־אויוון, אַ וואַש־טיש מיט אַ וואַסער־קראַן, אַן עלעקטרישן לאָמפּ, אַ בופעט, אַן אייז־אַלמער, אַ טיש, צוויי שטולן.

וואָס געפינט זיך ביי דיר אין שלאָפצימער? שרייב אַן:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

וואָס געפינט זיך ביי דיר אין עס־צימער? שרייב אַן:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פון וואַנען נעמסטו וואַסער? . . . . . . . . .

# דער טאַטע אַן אַרבעט

איך האָב געבעטן מיין מאַמען :

— קויף מיר, מאַמע, אַ פּאָר שיך.

האָט די מאַמע אַזוי געענטפערט :

— אַז דער טאַטע וועט קריגן אַרבעט, וועל איך דיר קויפן.

איך האָב געבעטן מיין טאַטן :

— טאַטע, מען דאַרף באַצאָלן אין שול.

האָט מיר דער טאַטע געענטפערט :

— אַז איך וועל אָנהייבן אַרבעטן, וועל איך שוין באַצאָלן.

מיין שוועסטערל מיני האָט געוויינט, האָב איך איר געזאָגט :

— מיני, אַז דער טאַטע וועט קריגן אַרבעט, וועל איך דיר קויפן אַ סאַך שאָקאָלאַד.

האָט מיני געפרעגט :

— פאַרוואָס האָט דער טאַטע קיין אַרבעט ניט ?

איך האָב עס גאָרניט געוואוסט.

עפּשער ווייסט איר, קינדער ?

1. ווען דער טאַטע איז אָן אַרבעט, איז ער — — — — — — — — —
2. וואָס קומט פאָר אין הויז, ווען דער טאַטע האָט נישט קיין אַרבעט ?
3. וואָס וועט זיין, ווען דער טאַטע וועט קריגן אַרבעט ?

# ראָכעלע

ראָכעלע, ראָכעלע, קום אַהער,
ווילסט זיך גאָרנישט שפּילן?
זעסל און כדויט מיט פּוטער
אַלע קינדער ווילן.

כ'וויל ניט שפּילן. בערל וויינט,
עס אַרבעט ניט זיין טאַטע.
עס ווייגען קינדער דאָ אַ סאַך
הונגעריק, נישט זאַטע.

ווען איך וועל ווערן גרויס און שטאַרק
אַט אַזוי ווי טאַטע, —
מאַך איך קינדער זאָלן זיין
צופרידענע און זאַטע.




# אָף אַ קינדער־ברעדליין

(קינדערשעס)

שאַבעס אינדערפרי. איך כאַלעם: עס איז מיר גוט. היינט איז נישטאָ קיין סקול. היינט קריג איך נישט גע־פּאַטשט. היינט רייסט ניט די לערערן מיינע אויערן. איז מיר אַזוי גוט. פּלוצלונג פּאַגנט אָן זשומען אין מיינע אויערן. איך ווער שוין וואַך. מיינע אויגן קלעפּן זיך נאָך. וואָס הער איך?

„אָן די ליין, אָן די ליין, קאָם ענד פּיקעט אָן די פּיקעט־ליין” — דאָס זינגט מיר מיין טאַטע אין אויער אַריין.

— האָסט דאָך היינט געזאָלט גיין צו דער קינדער־ברעדליין, — זאָגט מיר מיין טאַטע בא מיין בעט.

איך האָב זיך דערמאָנט: אַ, היינט באַשלאָסן גיין צו די קינדער, זען ווי עס גייט צו. וואָס גיט מען זיי עסן, וויפיל גיט מען זיי עסן.

איך טראַכט נישט לאַנג. איך לאָז זיך לויפֿן. איך בין שוין אַף דער באַוערי, דערהער איך ווי מען רופֿט מיין נאָמען. איך דערקען מיין טאַטנס שטים.

מיר שטעלן זיך אָפּ, איך און מיין כאַווער פּיאַנער, באַרני. מיין טאַטע רוקט אונז אַריין צו פֿאַפּירלאַך אין האַנט: האַלט דאָס אין די הויזן־טאַשן. ווען איר צערעדט זיך מיט אַ קינד און איר זייט שוין אַף אַ וועג, רוקט אים דאָס אַריין אין האַנט. זאָל ער לייענען, ווען ער קומט אַהיים. באַרני וויל דאָס איינגעוויקלטע פּאַפּיר אַריינלייגן אין לאַמבערדזשעק־קעשענע פֿון אויבן אַפֿן ברוסט.

— נישט דאָרט,—באַפֿעלט דער טאַטע,—אין הויזן־טאַש, ס׳זאָל זיין לייכט אַרויסצונעמען און ס׳זאָל קיינער נישט זען. ס׳שטייט דאָרט פּאָליציי.

מיר פֿאַרשטייען שוין און מיר טוען ווי דער טאַטע הייסט. מיר גייען, דער טאַטע נאָך אונז.

מיר זיינען שוין אַף דער פֿערטער גאַס. מיר קאָנען שוין זען אַ ליין מיט קינדער. דאָס שטייען די קינדער פֿאַר דעם סאַלוויישאָן־אַרמי־האָל.. דאָס טיילט מען דאָ אויס צו די אַרבעטלאָזע אַרבעטער־קינדער „רעליף". איך שטעל זיך באַ דער ענדע ליין. ס׳קומען אָן נאָך און נאָך. די ליין וואַקסט. אין עטלאַכע מינוט איז די ליין ווייט הינטער מיר.

פֿון פֿאַרנט שטייט אַ אינגל מיט אַן אַלטער צעריסענער טאַרבע און אַ מילך־קריג. ער האָט נאָך ניט געהאַט קיין צייט זיך צוצוקעמען און אַרומצוואַשן און ער שטייט שוין אין ריי. הינטער מיר שטייט אַ אינגל מיט זיין קלענערן ברודער — ביידע ציטערן פֿון קעלט. עס איז נאַס. מיר איז שוין אויך קאַלט. איך קוק זיך אַזוי צו צו די קינדער: הונגעריקע, בלייכע, אויסגעדאַרטע.

איך שטיי מיט מיינע הענט אין די הויזן־קעשענעס און דערפֿיל דאָס פּאַפּיר, וואָס דער טאַטע האָט מיר געגעבן. איך האָב זיך אינגאַנצן פֿאַרגעסן אַן פּאַפּיר — אַזוי

פאַרקוקט און פאַרטראַכט בין איך געווען. איך נעם אויס־
פרעגן דעם אינגל פון פאַרנט:

— האָסט אַ היים?

— יאָ.

— קומסט דאָ אָפט?

— צוויי מאָל אַ טאָג.

— וואָס קריגט מען?

— ביסט אַ נייער?

— יאָ.

— האַרט ברויט מיט ווייסע וואַסער קריגט מען.

— מען גיט גענוג?

— ווי אַמאָל.

איך נעם אַרויס דאָס פּאַפּיר — אַ „פּיאָנער". „נאַ, לייען", זאָג איך אים, עס וועט דיר געפעלן." דער אינגל נעמט דעם „פּיאָנער", קוקט אָן מיר, קוקט אָפן „פּיאָנער", קוקט נאָכאַמאָל און לייגט עס אַריין אין קעשענע.

די ריי רירט זיך. אַ צען מינוט, און איך שטיי שוין באַם אַריינגאַנג. איך בין שוין אין זאַל. פון פאַרנט אַ פינצטערער זאַל. בלויז אַ קליינער עלעקטרישער לאָמפּ ברענט. צוויי מענער, אין „סאַלוויישאַן־יוניפאָרמס", שטייען און טיילן אויס מילך און ברויט.

— נאָו מאָר מילק, — הערט מען, — דזשאַסט ברעד!

— נאָו מאָר מילק, דזשאַסט ברעד... נאָר דעם איט!

—הער איך הינטער מיר פון אַ אינגל.

איך קום צו וואו מען טיילט.

— ווהער איז יור בעג? — פרעגט מיך איינער פון די יוניפאָרמס

— אַי העוו נאָו, — ענטפער איך.

— טהען געט אוט אָוו היר.

— באָט אַי וואָנט ברעד.

— געט אוט אָוו היר, אַי טאָלד יו! — און ער שטופּט מיך אַרויס.

איך קום אַרויס אין גאַס. עס ציט זיך נאָך אַ ליין ביז

פערטעך נאָס. קוקנדיג אַף דער ליין, דערהער איך אַ גע־
שריי: נאָ מאָר...

ס'ווערט אַ גערודער צווישן די קינדער. אָבער דער
פּאָליסמאַן נעמט זיי באַלד צעטרייבן.

קינדער גייען אַוועק. קינדער קומען צוריק. בעטן
זיך באַם פּאָליסמאַן, ער זאָל זיי אַריינלאָזן. דער פּאָליס־
מאַן שטופּט זיי אָפּ. קינדער ווייסן נישט, צי זאָלן זיי
אַהיימגיין, צי זאָלן זיי שטיין. איינער שטופּט דעם צווייטן:
„עסק הים ענעין". איך רוק זיך אַריין אין מיטן פון די קינ־
דער: לעטס אָל גאָ ענד עסק הים.

— ווי וואָגט ברעד! — שרייען מיר אַלע אויס.

— געט אַוט אָוו היר, אַי טאָלד יו! — צעטרייבט דער
פּאָליסמאַן.

# אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־הילף

(W. I. R.)

די אַרבעטער סטרייקן. זיי אַרבעטן ניט. זייערע
פרויען און קינדער האָבן ניט וואָס צו עסן. מען הייבט אָן
הונגערן אין די אַרבעטער־היימען. מ'וואַרפט אַפילע אַרויס
די אַרבעטער פון זייערע היימען, ווייל זיי האָבן ניט צו
באַצאָלן קיין דירע־געלט. די אַרבעטער, וועלכע סטרייקן,
בלייבן אָבער ניט אַליין. אַנדערע אַרבעטער איבערן
גאַנצן לאַנד העלפן זיי. די אַרבעטער האָבן געשאַפן אַן
אָרגאַניזאַציע צו העלפן זייערע פאַמיליעס אין צייט פון
סטרייק. די אָרגאַניזאַציע הייסט:

אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־הילף: וו. אַי. ר.

די אַרבעטער זאַמלען געלט, פּראָדוקטן און קליידער
פאַר די סטרייקער.

# אַרבעטער־הילף

לאָרע איז אַליין אין שטוב. די מאַמע איז אַוועק זען דעם טאַטן. דער טאַטע זיצט אין טורמע. ער איז מיט אַ סאַך אַרבעטלאָזע אַרבעטער געגאַנגען צו דער שטאָט־רעגירונג בעטן אַרבעט אָדער ברויט. איז די פּאָליציי אָנ־געפאַלן אַף די אַרבעטער און אַרעסטירט לאָרעס טאַטן. מאָרגן וועט לאָרעס טאַטע אַרויס פון טורמע. די אַי. על. די. האָט געשיקט אַן אַדוואָקאַט, וועלכער האָט באַוויזן אין געריכט, אַז מ'טאָר ניט האַלטן לאָרעס טאַטן אין טור־מע. לאָרעס טאַטע איז אַן ערלאַכער אַרבעטער. ער האָט אַלע זיינע יאָרן שווער געאַרבעט.

די צייט, וואָס לאָרעס טאַטע זיצט אין טורמע, שיקט די וו. אַי. אַר. הילף אין לאָרעס היים.

לאָרע וויל שוין זען דעם טאַטן. זי קאָן זיך שוין ניט דערוואַרטן. מאָרגן וועט דער טאַטע שוין זיין אינדערהיים.

## אַ ר ב ע ט:

שטרייך אונטער די ריכטיקע ענטפערס:

1. די אַרבעטער סטרייקן, ווען:
   זיי ווילן מער ניט אַרבעטן.
   זיי ווילן, דער באַלעבאָס זאָל נאָכגעבן זייערע פאָדערונגען.

2. מען דאַרף פּיקעטן, כדי:
   אַלע זאָלן וויסן, אַז עס איז אַ סטרייק און קיינער זאָל ניט אַריינגיין אַרבעטן.
   דער באַלעבאָס זאָל וויסן, אַז עס איז אַ סטרייק.

3. אַ סקעב איז אַ שונא פון די אַרבעטער, ווייל:
   ער נעמט צו ברויט פון די אַרבעטער.
   ער וויל אויך אַרבעטן.

4. יעדער אַרבעטער דאַרף געהערן צו אַ יוניאָן, ווייל:
   (טראַכט אַליין צו אַן ענטפער).

# אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־פאַרטיידיקונג

**(I. L. D.)**

די באַלעבאַטים טוען אַלץ צו צעברעכן דעם סטרייק פון די אַרבעטער. זיי זוכן סקעבס. די פּאָליציי שלאָגט די אַרבעטער, וועלכע פּיקעטן די שעפּער. די פּאָליציי אַרעסטירט די אַרבעטער, און די ריכטער פאַרשיקן זיי אויף לאַנגע טערמינען אין טורמע.

די אַרבעטער גיבן זיך אָבער ניט אונטער.

די אַרבעטער קעמפן אַלע צוזאַמען קעגן די באַלע־באַטים.

די אַרבעטער האָבן געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע הייסט:

אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער פאַרטיידיקונג — איי. על. די.

די אַרבעטער פון דער אָרגאַניזאַציע זאַמלען געלט אויף צו פאַרטיידיקן די אַרבעטער אין געריכט;

אויף אַרויסצוריסן די אַרבעטער פון די טורמעס.

די איי. על. די. רופט גרויסע דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן צו פּראָטעסטירן און פאָדערן די באַפרייאונג פון די אַרעסטירטע אַרבעטער.

אַ ר ב ע ט: געפינט אויס און שרייבט אויף:

1. ווי די וו. אי. ר. האָט געהאָלפן די וועבער־סטרייקער און זייערע פאַמיליעס.
2. ווי פעמיס טאַטע איז אַרעסטירט געוואָרן, און ווער עס האָט אים געהאָלפן.


25 פעברואר

קאַמף קעגן ארבעטלאָזיקייט

אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט דעמאָנסטרירן.

זיי פאָדערן:

אַרבעט אָדער לוין

# א דעמאָנסטראַציע פון ארבעטלאָזע

לילי קען עס ניט פאַרשטיין. עמעס, זי איז אַ קלוג מיידל. זי איז נאָך אָבער צו יונג. דאַרף מען איר אַלץ געבן צו פאַרשטיין. פון נעכטן אָן איז אין שטוב ווי אין אַ קעסל. צו איר עלטערער שוועסטער מיני, וואָס איז שוין אַלט 12 יאָר, האַלטן אין איין קומען כאַווערטעס. זיי ריידן אַזוי הייס, און עס דאַכט זיך מיניץ, אַז זיי גרייטן זיך צו עפּעס. צו דער מאַמען און צום טאַטן קומען אויך כאַווירים. לילי וויל אַ פרעג טאָן, וואָס דאָ קומט פאָר. דאַכט זיך איר אָבער, אַז זי וועט שטערן אינמיטן רעדן. קוקט זי זיך צו אַלץ צו שטיל. עפּשער וועט זי אַליין דערגיין וועגן וואָס מ׳רעדט און צו וואָס מ׳גרייט זיך.

אינדערפרי האָט לילי דערזען, ווי איר שוועסטער מיני טוט זיך אָן איר רויט פּיאָנערן־טיכל אַפן האַלז. די מאַמע און דער טאַטע טוען זיך אויך אָן אַף אַוועקצוגיין. לילי לאָזט דעם טאַטן און די מאַמע אַוועקגיין אָן איר. ווייל אין ערטער, וואו מ׳דאַרף מיטנעמען קליינע קינדער, נעמט

מען לילין אַלעמאָל מיט. לילי האָט נאָר געוואָלט וויסן וואוהין זיי אַלע גייען.

אָבער דאָ איז צוגעקומען די מאַמע, אַ קוש געטאָן לילין און געזאָגט:

—ווייסט, לילי, וואוהין מיר גייען? היינט וועלן טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער, די, וואָס אַרבעטן, און די, וואָס האָבן ניט קיין אַרבעט, זיך צונויפזאַמלען אַף איין אָרט. מיט רויטע פאָנען און גרויסע פּלאַקאַטן. מיר וועלן פאָדערן פון די באַלעבאַטים און פון דער רעגירונג: אַרבעט אָדער לוין פאַר די אַרבעטער, וואָס גייען אַרום אָן אַרבעט. זייערע פרויען און קינדער הונגערן, גייען אַרום באָרוועסע און נאַקעטע. די אַרבעטער קאָנען אַזאַ זאַך ניט דערלאָזן. די באַלעבאַטים וועלן שיקן קעגן די אַרבעטער פּאָליציי, אָבער די אַרבעטער וועלן זיך ניט דערשרעקן און קומען אין די טויזנטער צו דער דעמאָנסטראַציע.

לילין האָט זיך זייער שטאַרק געוואָלט מיטגיין מיט טאַטע־מאַמע. די מאַמע האָט איר אָבער דערקלערט, אַז ווען זי וועט זיין אַביסל גרעסער און קענען ווערן אַ פּיאָנער, דאַן וועט זי גיין צו אַלע דעמאָנסטראַציעס.



א ר ב ע ט:

געפין אוים און באַריכט אין קלאַס:

1. וואָס פאָדערן די אַרבעטער פון דער רעגירונג.
2. פאַרוואָס דאַרפן די באַלעבאַטים העלפן די אַרבעטער.

# סאָוועטן-פאַרבאַנד

## די רוסישע רעוואָלוציע

ס'איז דאָ אַ לאַנד אויף דער וועלט, הייסט דאָס לאַנד סאָוועטן־פאַרבאַנד. געהערט אַלץ אין דעם לאַנד, די פעלדער און וועלדער, די פאַבריקן און קוילן־גריבער, צו די אַרבעטער און פויערים. די פאָן פון יענעם לאַנד איז די פאָן פון אַרבעטער און פויער — די רויטע פאָן מיטן סערפּ און האַמער.

אַמאָל איז אין יענעם לאַנד אַ קייסער געווען. און דאָס לאַנד האָט געהייסן רוסלאַנד. די פעלדער און וועלדער האָבן געהערט צו די רייכע פּריצים. די פאַבריקן און מינען און אַלץ אין לאַנד האָט געהערט צו די באַלעבאַטים.

די אַרבעטער און פויערים האָבן גאָרנישט געהאַט. אַלץ, וואָס ס'איז געווען אין לאַנד, האָבן אָבער געשאַפן די אָרעמע אַרבעטער און פויערים.

דער קייסער פון דעם לאַנד, די באַלעבאַטים און פּריצים האָבן אַלעמאָל מלחמה געהאַלטן מיט אַנדערע לענדער. זיי האָבן געשיקט אויף דער מלחמה די אַרבעטער און פויערים.

זיינען מיליאָנען יונגע מענטשן דערהרגעט געוואָרן. זיינען געבליבן קינדער אָן טאַטעס און אַלטע מאַמעס אָן זייערע קינדער.

האָבן די אַרבעטער און פויערים אין דער לעצטער מלחמה אין יאָר 1917 גענומען די ביקסן און זיינען אַוועק קעגן דעם קייסער, קעגן די פּריצים און באַלעבאַטים און זיי פאַרטריבן.

היינט געהערט דאָס גאַנצע לאַנד צו די אַרבעטער און פויערים.

# קינדער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד



קיין לאַנד אין דער וועלט זאָרגט ניט אַזוי פיל פאַר די קינדער ווי דאָס לאַנד פון די אַרבעטער און פויערים.

דאָס לאַנד זאָרגט דערפאַר, אַז די קינדער זאָלן אויס־וואַקסן געזונטע און געלערנטע אַרבעטער און פויערים. פאַר די קינדער איז אַלץ פריי: די שולן, די טעאַטערס און די קינאָס.

קינדער, וואָס האָבן ניט קיין עלטערן, ווערן אויסגע־האַלטן אין קינדערהיימען. מ׳זאָרגט פאַר זיי, גלייך ווי טאַטע און מאַמע זאָרגן זיך פאַר זייערע קינדער.

ווען דער טאַטע און די מאַמע גייען אַוועק אַרבעטן און זיי האָבן קליינע קינדער, שטערט עס זיי ניט. די קליינע קינדער ווערן געהאַלטן אין יאַסלעס, וואָס געפינען זיך באַ דער פאַבריק.

מען גיט אַף די קינדער אַכטונג. די קינדער ווערן גוט אָפגעהיט. נאָך דער אַרבעט נעמען די עלטערן די קינדער אַהיים.

שווערע ווערטער:

יאַסלעס — אַ היים, וואו די אַרבעטער־מוטערס קאָנען איבערלאָזן זייערע קינדער אַף אַ גאַנצן טאָג.

# לעבן זאָל דער סאָוועט!



מירע איז נאָך קיינמאָל ניט געפאָרן אַף אַן אויטאָמאָביל. און פאָרן אַף אַן אויטאָמאָביל — אוי, האָט זיך איר געוואָלט, אוי, האָט זיך איר געוואָלט! יעדן אויטאָמאָביל, וואָס פלעגט דורכפאָרן אין גאַס, פלעגט זי ווייט, ווייט באַגלייטן מיט אירע גרויסע שוואַרצע אויגן.

איינמאָל האָט זיך לעבן הויז אָפּגעשטעלט אַן אויטאָמאָביל. איז מירע צוגעגאַנגען און זאָגט צום שאָפער:

— לאָז מיר זיך דורכפאָרן.

נעמט דער שאָפער און גיט עפּעס אַ קוועטש. אַז דער אויטאָמאָביל טוט עס פּלוצלונג אַ ניס: אַפּטשכי! און אַזוי שטאַרק, אַז מירע איז אַ דערשראָקענע אָפּגעשפּרונגען אָפן צווייטן טראָטואַר.

דער שאָפער האָט אַ שמייכל געטאָן און אַ רוף געגעבן מיטן פינגער:

— קום, מיידעלע, איך וועל זיך מיט דיר אויסקערעווען.

נאָר דאָ זײַנען פון הויז אַרויס צוויי מענטשן און זיך

אַרייַנגעזעצט אין אויטאָמאָביל. דער אויטאָמאָביל האָט זיך געריִדט פֿון אָרט און מיט אַ טורקערייַ און מיט אַ בלויען רויכל אַנטלאָפֿן געוואָרן.

באַ וויפֿל שאָפֿערס מירע האָט זיך ניט געבעטן: — „נעם מיך אַרויף, נעם מיך אַרויף" — האָט זי קיינמאָל קיינער ניט אַרויפֿגענומען אַפֿן אויטאָמאָביל.

נאָר אָט האָט מען גענומען גרייטן זיך צום ערשטן מאַי.

צעטראָגט זיך אַ נייעס: דעם ערשטן מאַי וועלן קינ־דער פֿאָרן אַף אויטאָמאָבילן! באַ מירען האָט אַ טיאָכקע געשאָן דאָס האַרץ פֿון פֿרייד: אַ קלייניקייט, פֿאָרן אַף אַן אויטאָמאָביל!

מירע איז אויפֿגעשטאַנען פֿאַרטאָג. געקומען אין שול די ערשטע און זיך געשטעלט פֿאַרן טויער. און ווען זי פֿלעגט זען, אַז אַן אויטאָמאָביל פֿאָרט דורך און שטעלט זיך ניט אָפּ, פֿלעגט איר דאָס האַרץ פֿאַרקלעמען:

— אַפֿאַנים, פֿאַר אונזער שול איז קיין אויטאָמאָביל ניטאָ!

פּלוצלינג איז מיט אַ טורקערייַ און מיט אַ רעווערייַ אַנגעלאָפֿן אַן אויסגעפּוצטער אויטאָמאָביל פֿון סאָוועט, און ס'האָט זיך דערהערט אַ רוף:

— ערשטע גרופּע, אַפֿן אויטאָמאָביל!

און אַז דער אויטאָמאָביל, אַ געפּאַקטער מיט קינדער, האָט זיך געטראָגן איבער די גאַסן, איז מירע געשטאַנען און געפֿאָכעט מיט אַ רויט פֿענדל און געשריִען מיט אַלע קויכעס:

— זאָל לעבן דער ערשטער מאַי!

— לעבן זאָל דער סאָוועט!

א ר ב ע ט:

1. ווער האָט געשיקט דעם אויטאָמאָביל צו מירעס שול?
2. פֿאַרוואָס האָט מען די קינדער גענומען דעם ערשטן מאַי אַף אַן אויטאָמאָביל?
3. נעמט אייַך, קינדער, די רעגירונג אַמאָל אַף אַן אויטאָמאָביל דאָ אין לאַנד?

# א בריוו פון־סאָוועטן־פאַרבאַנד

מישע פון סאָוועטן־לאַנד שרייבט צו זיין קוזין יודושין אין אַמעריקע:

„טייערער כאַווער יודושין:

איך האָב לאַנג צו דיר ניט געשריבן, ווייל ס׳האָט זיך געטראָפן אַן אומגליק אין הויז: דער טאַטע איז אַראָפּגע־פאַלן פון דאַך אינמיטן דער אַרבעט. קאָנסט שוין פאַר־שטיין ווי מיר האָבן זיך אַלע געפילט. ער איז שוין איצט געזונט. ער איז נאָך ניט אין דער היים. ער געפינט זיך אין אַן אָפּרו־היים פאַר אַרבעטער.

פאַרשטייסט שוין, יודושין, ווי אַזוי מען באַהאַנדלט בא אונז אין לאַנד אַן אַרבעטער, ווען עס טרעפט זיך מיט אים אַן אומגליק.

מען האָט דעם טאַטן אַוועקגעפירט אין א שפיטאָל. פאַר אַלץ האָט געצאָלט די רעגירונג. יעדע וואָך האָט די מאַמע געקראָגן דאָס גאַנצע געלט, וויפיל דער טאַטע האָט געקראָגן, ווען ער האָט געאַרבעט. פאַר דער אָפּרו־היים, וואו דער טאַטע געפינט זיך איצט, צאָלט אויך די רעגירונג.

שרייב מיר, ווי אַזוי מען באַהאַנדלט בא א״ך אַן אַרבעטער אין פאַל פון אַן אומגליק.

דיין כאַווער מישע.״





אזעלכע הייזער בוים מען פאַר ארבעטער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד

—

# אַ קאָמונע־הויז

מיר האָבן געוואוינט אין אַ נאַסן, פינצטערן קעלער. אנטקעגן פענצטער איז געשטאַנען אַ וואַנט.

היינט איז דער טאַטע געקומען אַ פריילאכער. ער האָט אונז דערציילט, אַז בא זייער פאַבריק בויט זיך פאַר די אַרבעטער אַ קאָמונע־הויז. אַלע אַרבעטער, וואָס וואוינען אין קעלערס, וועלן אַהין אַריבערפאָרן דאָרטן וועלן מיר וואוינען אין ליכטיקע צימערן. אין הויז וועט זיין אַ קיך. קליינע קינדער וועלן אַלע זיין אין די יאַסלעס.

איך וואַרט שוין אָפּ דעם טאָג, ווען מיר וועלן זיך אַריבערקלייבן.

ט ר אַ כ ט צ ו :

1) ווער דערציילט די מייסע?
2) אין וועלכן לאַנד קומט עס פאָר?

# א בריוו פון ביראָ־בידזשאַן

מײַנע טײַערע קינדער.

מיר זײַנען אין ביראָ־בידזשאַן שוין אַ האַלב יאָר, און, אַ, װיפֿל אַרבעט מיר האָבן שוין אָפּגעטאָן. עס זײַנען געלעגן ברײטע פֿעלדער, אױף װעלכע עס איז קײנמאָל גאָרניט געװאַקסן. האָבן מיר די פֿעלדער צעגראָבן און פֿאַרזײט. מיר האָבן אױפֿגעבױט הײַזער מיט ברײטע פֿענצטער און מיר װאױנען שוין אין זײ. אױ, װי גוט עס איז אין אונזער לאַנד. פֿון טאָג צו טאָג װערן אַלץ מער הײַזער אױפֿגעבױט. נײַע װעגן, נײַע פֿאַבריקן.

מיר ענדיקן שוין בױען די קינדער־שול, װאו אַלע קינדער װעלן זיך לערנען און אױסװאַקסן געלערנטע אַרבעטער און פּױערים.

עטלס בריװעלע, װאָס זי האָט געשיקט צו די קינדער פֿון אונזער קאָלעקטיװער פֿאַרם, האָבן געלײענט אַלע קינדער. פֿון דעם בריװעלע האָבן די קינדער זיך דערװוּסט אַ סאַך זאַכן װעגן דעם לעבן פֿון די אַרבעטער אין אַמעריקע. די קינדער װעלן אַלײן ענטפֿערן עטלען און דערצײלן װעגן אונזער לעבן אין ביראָ־בידזשאַן.

לערן זיך גוט, עטעלע. גיב אַ גרוס דײַן לערער פֿון דער אַרבעטער־שול.

א י י ע ר ז י י ד ע.

ש װ ע ר ע װ ע ר ט ע ר:

קאָלעקטיװע פֿאַרם — אַלע אַרבעטן צוזאַמען, טײלן זיך מיט דעם, װאָס זײ אַרבעטן אױס.

א ר ב ע ט:

1. װאו איז ביראָ־בידזשאַן?
2. מיט װאָס העלפֿט דער איקאָר די אידישע פּױערים אין סאָװעטן־פֿאַרבאַנד?
3. װי אַזױ קענסטו העלפֿן דעם „איקאָר“?

# א שפּיל אין רויטער אַרמיי



שטעלט זיך, קינדער, אויס אין ריי,
שפּילן מיר אין רויט-אַרמיי.

איינס-צוויי-דריי-פיר
רויטע יאַטן זיינען מיר,

איינס-צוויי-דריי-פיר
ווי די העלדן גייען מיר.

ברוסט פאָרויס און קעפּלאַך הויך
נעמט זיך, יאַטן, אָן מיט קויאַך.
איינס-צוויי-דריי-פיר און אַזוי ווייטער.

טרעפן מיר אַ סוינע אָן,
ווייסן מיר שוין וואָס צו טאָן.
איינס-צוויי-דריי-פיר און אַזוי ווייטער.

יעדער קליינער רויטער יאַט
ווערן דאַרף אַ רויטער סאָלדאַט.
איינס-צוויי-דריי-פיר און אַזוי ווייטער.

די רויטע אַרמיי איז פאַראַן אין לאַנד — — — —
די רויטע אַרמיי פאַרטיידיקט — — — — — — —

# אַ ר ב ע ט

ענדיק די זאַצן:

1. דער יאַנטעוו פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע איז אין דעם מאָנאַט — — — — — — טאָג — — — —

2. די רעוואָלוציע איז טאַקע געווען אין רוסלאַנד און די אַרבעטער אין רוסלאַנד האָבן זיך באַפֿרייט. אָבער די אַרבעטער אין אַלע לענדער האַלטן דעם טאָג פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע פֿאַר אַ יאַנטעוו, ווייל — — — — — — — — — —

3. די אַרבעטער־קינדער אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד לעבן בעסער און פֿרייער, ווי אין אַמעריקע. פֿון וואָס?

4. די פֿעלדער און וועלדער, די פֿאַבריקן און שעפֿער געהערן אין ס.־פֿ. צו — — — — — — — — — —

5. ווען אַן אַרבעטער אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד ווערט קראַנק אָדער אַ קאַליקע, בלייבט ער ניט אָן ברויט. ווער זאָרגט פֿאַר אים?



# לענין



לענין —
יעדער איינער קען אים.
אַרבעטער אין שאַפּ
און פּויער אין פעלד
האָבן וועגן לענינען געהערט.

לענין —
אַ פירער, אַ כאַווער אַ גוטער,
האָט אַלע יאָרן זיך געזאָרגט
פאַר קינדער אָרעמע,
וואָס עסן טרוקן ברויט אָן פּוטער.

לייענען קינדער מייסעס פון ביכער
און לערנען זיך גוט און ווילן אַלץ קענען,
און וואַקסן אַלץ שטאַרקער, און וואַקסן אַלץ גיכער,
צו ווערן אַ כאַווער אַ גרויסער, ווי לענין.

# קנעפּל

עס איז געווען ווינטער.

איך מיט נאָך דריי קינדער האָבן זיך געשליטלט אַף א שליטעלע.

מיטאַמאָל האָט זיך דאָס שליטעלע איבערגעקערט, און איך האָב זיך אָן עפּעס אָנגעקלאַפּט.

איך גיב א קוק און דערזע פאַר זיך לענינען.

ער שטייט מיט זיינעם א כאַווער און לאַכט.

— כאַווער לענין! — האָב איך אויסגעשריען.

— פונוואַנען קענסטו מיך? — האָט געפרעגט לענין.

— איך האָב אייך געזען אַמאָל. איך געדענקט, איך האָט מיך אָנגערופן קנעפּל, ווייל איך האָב א נאָז אַזאַ?

— ביסט שוין אַזאַ גרויסער געוואָרן! — האָט לענין זיך צעלאַכט.

איך האָב זיך געלאָזט לויפן, און לענין נאָך מיר.

מיטאַמאָל איז לענין ניט געוואָרן. איך זוך אים — ער איז ניטאָ.

נו, קלער איך, געווים אַהיים אַוועק.

מיר איז געוואָרן זייער אומעטיק.

איך האָב געוואָלט גיין אַהיים.

— וואָס־זשע זוכסטו מיך ניט? — דערהער איך לענינס קאָל.

איך קוק זיך אום — ערשט לענין האָט זיך באַהאַלטן אונטער א בוים.

מיר האָבן זיך ווייטער געשפּילט פריילאַך.

ווער דערציילט דאָס?

# לענין

לענין האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן פאַר די אַרבע־טער און פּויערים.

לענין האָט געוואָלט, אַז די אַרבעטער זאָלן ניט אַרבעטן פאַר די באַלעבאַטים, און די פּויערים — פאַר די פּריצים.

לענין האָט געוואָלט, אַז אויף דער וועלט זאָלן ניט זיין קיין מילכאָמעס.

האָט לענין געלערנט די אַרבעטער און פּויערים, ווי אַזוי זיי זאָלן קעמפן מיט די באַלעבאַטים.

לענין איז געווען דער פירער פון דער רעוואָלוציע. ווען די אַרבעטער און פּויערים האָבן גענומען די מאַכט אין זייערע אייגענע הענט, האָט לענין געהאָלפן בויען אַ נייַ און פריי לעבן.

דעם 21טן יאַנואַר 1924 איז לענין געשטאָרבן.

איז מען פון אַלע עקן לאַנד געקומען אין מאָסקווע געזעגענען זיך מיט לענינען.

---

**לענין איז געשטאָרבן, אָבער די קאָמוני־סטישע פּאַרטיי לעבט און פירט אָן מיט די אַרבעטער און פּויערים.**

---



אין דעם הויז ליגט לענינס קערפּער. דאָס הויז הייסט לענינס מאַוזאָליי.

דער מאַוזאָליי שטייט אין מאָסקווע, אויפן רויטן פּלאַץ.

דעם 27טן יאַנואַר איז געווען לענינס לעוואַיע.

און אין יענע פינף מינוט, ווען מ'האָט אַריינגעטראָגן דעם אָרון אין מאַוזאָליי, האָבן זיך אין גאַר דעם לאַנד, אין אַלע שטעט און אין אַלע דערפער, אָפּגעשטעלט אַלע פאַבריקן, אַלע שעפער, אַלע באַנען און אַלע מאַשינען.

אַלע זיינען אַרויס אין גאַס.

פון נאָענט און ווייט האָבן זיך אַלע אין יענע פינף מינוט געזעגנט מיט לענינען.

## אַ ר ב ע ט

1. באַוועג לענין האָט געלערנט די אַרבעטער, אַז — — —
— — — — — — — — — — — —
2. קינדער האָבן ליב געהאַט באַוועג לענין, ווייל — — —
— — — — — — — — — — — —
3. וואָס האָט איר, קינדער, געטאָן אין טאָג פון לענינס יאָרצייט?
4. האָט איר אין אייער אַרבעטער-שול אַ לענין-ווינקל?
וואָס האָט אייער קלאַס געטאָן פאַרן לענין-ווינקל?
5. פאַרוואָס האָט איר נים קיין לענין-ווינקל אין פּאַבליק-סקול?

# לענין האָט ליב געהאַט קינדער



כּאָווער לענין האָט זייער ליב געהאַט קינדער. מיט קליינע מיידעלאַך פלעגט ער אַרומקריכן אפן דיל און זיך שפּילן מיט זיי.

מיט אינגלאַך פלעגט ער שטיפן און זיך וואַרפן מיט שניי, פלעגט בויען הייזער פון שניי.

איך קען אַ אינגל, פאַר וועמען ער האָט אויסגעשניטן וואונדערשיינע שיפעלאַך. דעם אינגל האָט ער אויך אויסגעלערנט אויסצושניידן און צוזאַמענצוקלעפן שיפעלאַך.

כּאָווער לענין האָט ליב געהאַט ניט נאָר זיך שפּילן מיט קינדער. ער האָט געדייגעט פאַר זיי. אין 1921 יאָר, ווען עס איז אין לאַנד געווען אַ הונגער, האָט לענין באַפוילן אָפּצוגעבן דעם גרעסטן טייל ברויט פאַר די קינדער, די זאָלן נישט הונגערן.

ווען כּאָווער לענין איז געשטאָרבן, האָבן געוויינט אַלע קינדער אין סאָוועטן־לאַנד און אַפילע די קינדער פון דער גאַנצער וועלט.

# די גליקלאַכסטע קינדער

אַט וואָס עס דערציילט אַ מיידעלע פון האַרקי, וואָס באַוועגער לעגין איז געשטאָרבן:

אין אַ ליכטיקן העלן זומער־טאָג זיינען מיר געגאַנגען אין וואַלד נאָך ניס. ווען מיר זיינען געגאַנגען צוריק, האָבן מיר מיטאַמאָל דערזען, אַז עמיצער זיצט אין אַ ווענעלע אָפּן גראָז. דאָס איז געווען באַוועגער לעגין. לעבן אים איז געשטאַנען זיין פרוי.

ווען מיר האָבן דערזען באַוועגער לעגין, האָבן מיר אים געזאָגט: „גוט מאָרגן!"

ער האָט אַ שמייכל געטאָן, און מיר זיינען אַוועק אַהיים.

אין סאָוועטן־לאַנד זיינען מיר די גליקלאַכסטע קינדער, דערפאַר, ווייל מיר פלעגן אים אָפט זען און ווייל מיר האָבן געוואוינט ניט ווייט פון אים.

דעם צווייטן מאָל האָב איך אים געזען אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג.

דעם דריטן מאָל האָב איך אים געזען, ווען מען האָט אונז געשיקט אַהער פאַרם נאָך מילך. ער איז געזעסן אויף אַ בענקעלע לעבן טויער.

און דעם לעצטן מאָל האָב איך געזען באַוועגער לעגין שוין אַ טויטן אין אָרון.



ווען באַווער לענין איז געווען אַ קליין קינד.

# אָקטאָבערלאָד

ווער זיינען זיי, ווער זיינען זיי
די יונגינקע אָקטאָבערלאַך?
זיי זיינען דאָך גאָר קליינינקע,
גאָר גוטע, קלוגע יאַטעלאַך.

זיי גרייטן זיך צום לאַגער שוין,
די פּיאָנערן העלפן דאָרט;
זיי האָבן זייער פּייקעלע,
זיי האָבן זייער פאָן.

דאָס זיינען זיי, דאָס זיינען זיי
די יונגינקע אָקטאָבערלאַך,
זיי זיינען נאָך גאָר קליינינקע,
און זיינען שטענדיק גרייט.

ווער זיינען די קליינע אָקטאָבערלאַך?

# בריוו פון דייטשישע קינדער

.1

איינמאָל האָט דער לערער פון מאָלן באַטראַכט בײַ אַלעמען די בילדער. ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן די בענק און געקוקט.

איך און מײַן שכן האָבן צוזאַמען גענוצט איין מע־קער און שײַנע פאַרבן, ווײַל מער האָבן מיר ניט געקענט קויפן. אַז דער לערער האָט עס דערזען, האָט ער אונז געגעבן אין באַק אַרײַן.

— וואָס איז עס אַזוינס, קאָמוניזם בײַ איך ? — האָט ער געשריגן.

.2

איינמאָל האָט צו אונז דער לערער געזאָגט :

— מירן אָנשרייבן אַ נײַע זאַך. ~~מ'דאַרף~~ באַשרייבן אַ ווינטער־אָוונט אינדערהיים.

קימאַט אַלע האָבן אָנגעשריבן אַזוי : „מײַן באַבע זיצט און לייענט די ביבל.“

איך האָב ניט געוואָלט שרײַבן קיין ליגן און האָב גע־שריבן : „מײַן באַבע זיצט און לייענט די מייסעס וועגן אָרעם און רײַך, דער טאַטע זיצט אויפן דיוואַן און לייענט „קלאַסן־קאַמף“ — אונזער פּאַרטיי־צײַטונג.

אַלס אַ דאַנק פאַר דעם, וואָס איך שרײַב דעם אמת, האָט מיר דער לערער דערלאַנגט אַ הייסן פּאַטש. מײַן שכן, וואָס האָט בײַ מיר איבערגעשריבן, האָט זיך אויך ניט געניאַרט און אַרײַנגעכאַפּט דיזעלבע מאַטאַניע.

מיר האָפן, אַז עס וועט בײַ אונז אינגיכן זײַן אַ פרײַע שול און מיר וועלן ניט באַקומען קיין קלעפּ פאַר קאָמוניזם.

אַ ר ב ע ט :

1. וואָס קאָנסטו דערציילן וועגן דײַן לערערן אין פּאַבליק־סקול?
2. שרײַב עס אָן.

# מיר

מיר זיינען נאָך,
און זיינען נאָך
דערווייַלע קליינע קינדער,
מיר לערנען נאָך,
און לערנען נאָך
און לערנען נאָך אצינדער.

מיר זאָגן אָן,
און זאָגן אָן
אַלע די, וואָס שטרייַטן:
מיר זיינען גרייט,
מיר זיינען גרייט
צו קומען אייַך פאַרבייַטן.

שווערע ווערטער:
שטרייַטן — קעמפן.
אצינדער — איצט.

## אַרבעט

1. ווער זיינען די פּיאָנערן?
2. געפינט אויס, וועלכע קינדער פון דייַן אַרבעטער־שול זיינען פּיאָנערן און בעט זיי דערקלערן, וואָס די פּיאָנערן ווילן.
3. געפינט אויס, צי אין דייַן פּאַבליק־סקול איז דאָ אַ פּיאָנער־גרופּע.
4. וועלכע קינדער קאָנען ווערן פּיאָנערן?

# אכטער מערץ — טאָג פון ארבעטער־מאַמעס

נו, גענוג שוין קאָכן, מאַמע,
נו, גענוג געזאָרגט, געטראַכט,
קום אַרויס מיט אונז צוזאַמען —
הײנט איז יאָנטעוו, אכטער מאַרט.

אַלע הײנט אַהער געקומען —
װער קען אײנזיצן אין שטוב ?
אַלע בענק אין זאַל פאַרנומען,
פול געפאַקט איז הײנט דער קלוב.

ס'רעדן מאַמעס, ס'רעדן שװעסטער,
און אַ פרייד אַזאַ מין שפּאַרט.
אונזער יאָנטעוו, אונזער גרעסטער,
אונזער טאָג — דער אַכטער מאַרט.

מאַרט — מערץ.

# די פּאַריזער קאָמונע

אין יאָר 1871 האָבן די אַרבעטער פון פּאַריז אַראָפּ־געוואָרפן די מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטן און אויסגעקליבן אַן אַרבעטער־קאָמונע.

נאָר די אַרבעטער־קאָמונע האָט זיך געהאַלטן ניט לאַנג — אינגאַנצן 72 טעג, ווייל די אַרבעטער זיינען נאָך געווען ווייניק אָרגאַניזירט. דאָך האָבן זיי זיך געשלאָגן מיט זייערע שׂונאים ביז דעם לעצטן טראָפּן בלוט.

אַפילו קינדער פון אַרבעטער האָבן צוזאַמען מיט זייערע עלטערן זיך געשלאָגן פאַר דער קאָמונע.

אַ סך, אַ סך קינדער זיינען דעמאָלט אומגעקומען.

אין דעם טאָג דערמאָנען די אַרבעטער פון דער גאַנ־צער וועלט די העלדישקייט פון די פּאַריזער קאָמונאַרן.



# דער פרילינג גייט,
# דער פרילינג קומט,
# דער פרילינג איז שוין דאָ.

## פ ר י ל י נ ג

קינדער, ווארט ניט קיין מינוט!
קינדער, ס'איז אין דרויסן גוט!
ס'איז אַ זון
און ס'איז אַ ווינט,
און דער לעצטער שניי צערינט.
און אוים ווינטער און אוים קעלט,
ס'איז אַ ליבע שיינע וועלט.

נאָך וואָס דערקענסטו, אַז דער פרילינג קומט שוין אָן?

# ערשטער מאַי

---

דער ערשטער מאַי איז דער
יאָנטעוו פֿון אַלע אַרבעטער
אויף גאָר דער וועלט.
דער טאָג רופֿט זיך:
דער **טאָג** פֿון **אינטערנאַציאָנאַל**

# ערשטער מאַי

ס'שוווימען פֿאָנען אין דער לופֿט,
און דער ליבער יאָנטעוו רופֿט:
„קומט אַרויס אויף גאַסן ברייטע!
קומט אַרויס אויף גאַסן ברייטע!"

און די אַרבעטער אין רייען
גייען אַלע גלייך אַרויס.
זינגען לידער, העכער, פֿרייער.
אונדז דער ערשטער מאַי איז טייער!

**וואָס וועט זיין בײַ אײַך אין שול דעם טאָג?**
**ווי וועט איר באַפּוצן אײַער קלאַס צום ערשטן מאַי?**

# מאי

אינס, צוויי, דריי, פיר.
לויפט א ווינט פון טיר צו טיר.
פליט א ווינט פון דאך צו דאך,
רופט די קינדער אפן שליאך.
אינס, צוויי, דריי, פיר.

—

אינס, צוויי, דריי, פיר.
ערגעץ וויינט דער לעצטער שניי.
גייט די פריילאכע ארמיי:
ווינט און קינדער, זון אפריער.
אינס, צוויי, דריי, פיר.

# אן אינפאל

פריידעלעס טאטע ארבעט אף א פאבריק. עטלאכע טעג פארן ערשטן מאי איז דער טאטע געקומען אהיים און האט דערציילט, אז דעם ערשטן מאי וועט ער מיט אלע כאווירים פון פאבריק גיין אין גאס אף א דעמאנסטראציע. ער האט דערציילט, אז אלע, אלע ארבעטער וועלן גיין אין די גאסן מיט לידער, מוזיק און מיט פאנען.

און פריידעלען האט זיך אויך פארוואלט גיין מיטן טאטן.

— נעם מיך, נעם מיך, טאטע! — האט זיך פריי־
דעלע געבעטן.

— גוט, — האט צוגעזאגט דער טאטע.

און אט איז שוין מארגן דער ערשטער מאי.

פריידעלע לייגט זיך שלאפן. זי האט אבער מורא:
דער טאטע קען פארגעסן זי אויפצואוועקן, און דאן וועט זי
בלייבן אינדערהיים און וועט גארנישט ניט זען.

דער טאטע שלאפט שוין לאנג, און פריידעלע
ליגט, טראכט און האט מורא איינצושלאפן.

מיטאמאל שפרינגט פריידעלע אראפ פון בעט, זוכט
אויף א לאנג שטריקעלע און בינדט עס צו מיט איין
עק צום טאנטנס א שטיוול, מיט דעם צווייטן עק צו
דער אייגענער האנט: אז דער טאטע וועט זיך מארגן
נעמען פארן שטיוול, וועט ער א ציי טאן פארן שטרי־
קעלע, וועט זי זיך גלייך אויפכאפן.

אינדערפרי, אז דער טאטע איז אויפגעשטאנען און
האט געוואלט אנטאן די שטיוול, האט ער דערזען, אז
ארום שטיוול איז ארומגעבונדן א שטריקעלע. ער האט
שטארק א ציי געטאן פארן שטריקל — פריידעלע האט
א געשריי געטאן און האט זיך אויפגעכאפט.

— כ׳האב מורא געהאט, דו וועסט פארגעסן מיך
אויפצואוועקן, האט געזאגט פריידעלע מיט א פרייל־אכן
געלעכטער, האב איך צוגעבונדן דאס שטריקעלע.

זי האט זיך גיך אנגעטאן, אפגעוואשן און אוועק מיטן
טאטן אין גאס.

אף דער דעמאנסטראציע האט פריידעלע געשפאנט
לעבן טאטן, אירע אייגלאך האבן געגלאנצט, זי האט
זיך פריילאך ארומגעקוקט אין אלע זייטן.

און אלע האבן געקוקט אף דעם קליינעם מיידעלע,
ווי זי גייט אין די רייען אזוי ווי א גרויסע.

# דעם ערשטן מאַי

א לאַנגע צייט פאַרן ערשטן מאַי האָבן זיך די קינ־דער פון דער אַרבעטער־שול גענומען גרייטן צו דער מאַי־פייערונג. מען האָט דיסקוסירט, אויסגעאַרבעט פאַרשידענע פּלענער, געשריבן און געמאָלן.

דעם אוונט פאַרן ערשטן מאַי האָבן די קינדער פון דער אַרבעטער־שול געהאַט אַ מיטינג און באַשלאָסן ניט צו גיין דעם ערשטן מאַי אין „פּאַבליק־סקול".

— דאָס איז נאָך ווייניק! — האָט זיך אָנגערופן בעני.—מיר דאַרפן זען, אַז נאָך קינדער זאָלן דעם ערשטן מאַי ניט גיין אין סקול.

— ווי אַזוי קאָנען מיר עס דורכפירן? — האָט אים געפרעגט סערע.

— הערט ווי אַזוי. איך דענק, אַז אינדערפרי דאַרפן מיר אַלע זיין אַרום דער פּאַבליק־סקול, רעדן צו די קינדער, צעטיילן „ליפלעטס" צווישן זיי וועגן דעם ערשטן מאַי און, אויב מעגלאָך, האָבן אַ מיטינג לעבן סקול, צו דער־קלערן די קינדער וואָס עס איז דער ערשטער מאַי.

בענים פּלאַן איז די קינדער געפעלן געוואָרן און זיי האָבן באַשלאָסן אַלע צו זיין אינדערפרי לעבן דער „פּאַב־ליק־סקול".

אינדערפרי. סערע לויפט אַרום מיט אַ פּאַק „ליפ־לעטס" און צעטיילט זיי צווישן די קינדער. בעני שטייט לעבן אַ גרופּע קינדער און טייַנעט מיט זיי איין, פאַרוואָס זיי דאַרפן ניט גיין אין סקול.

פּלוצלונג זיינען אָנגעקומען צוויי פּאָליציאַנטן. איי־נער האָט זיך גענומען יאָגן נאָך סערען. דער צווייטער האָט אָנגעכאַפּט בענין פאַרן קאָלנער און אים אַריינגע־שלעפּט אין סקול.

דער פּאָליציאַנט האָט דערציילט דעם פּרינציפּאַל וואָס עס איז פאָרגעקומען אינדרויסן.

— פאַרוואָס גייסטו היינט ניט אין סקול און רעדסט

צו אַנדערע קינדער אויך ניט צו גיין ? — האָט דער פּרינ־
ציפּאַל געפרעגט בעניז.

— ווייל דער ערשטער מאַי איז אַן אַרבעטער־
יאָנטעוו. מיין טאַטע אַרבעט היינט ניט. איך וויל צוזאַ־
מען מיט מיין טאַטן פייערן דעם ערשטן מאַי. איך בין
אַן אַרבעטער־קינד.

דער פּרינציפּאַל איז אין כּעס געוואָרן, אָנגעהויבן
שרייען אַף בעניז און אים אַראָפּגעזעצט אין אַ נידעריקערן
קלאַס.

בעני האָט זיך ניט דערשראָקן, ער האָט דערציילט
פאַר אַלע קינדער ווי שלעכט מען איז געווען צו אים, ווייל
ער איז אַן אַרבעטער־קינד און פייערט דעם אַרבעטער־
יאָנטעוו — דעם ערשטן מאַי.

שרייבט, קינדער, ווי אַזוי איר האָט געפייערט דעם ערשטן מאַי.

---

# דער ערשטער מאַי אין מאָסקווע

ביז טויזנט קינדער האָבן מיר זיך דעם ערשטן מאַי
צונויפגעקליבן אין גרויסן זאַל. דאָ איז לעניז אַמאָל
אַרויסגעטראָטן פאַר די יונגע אַרבעטער און געזאָגט זיי:
„איר דאַרפט זיך לערנען, לערנען״.

מיר האָבן באַשלאָסן שיקן היינט אַ גרוס צו די קינדער
פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

מיר האָבן אָנגעשריבן אַ בריוועלע:

„פּראָלעטאַרישע קינדער פון דער גאַנצער וועלט!
אין קאַמף פאַר דער אַרבעטער־זאַך — זייט גרייט!״

מיר האָבן עס צוגעבונדן צו צוויי לופט־באַלונען, און
ווייט־ווייט האָט דער ווינט זיי פאַרטראָגן.

צו וועמען האָבן די סאָוועטישע קינדער געשיקט אַ גרוס?

# אזוי פייערט מען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד



האָבן זיך קינדער פאַרזאַמלט באַם סקווער,
זיינען קינדער געגאַנגען מיט מוזיק.
אין העמדלאַך אין ווייסע, אין הויזלאַך־אין בלויע,
מיט קווייטן אַף העמדלאַך, מיט פרייל‏אַכן בליק.

זיינען די רויטע אַרמייער געקומען צו גיין
מיט דער פלאַם־רויטער פאָן,
מיט דעם הילכיקן פויק,
מיט דעם גרויסן טרומייט.

האָבן זיך קלייניקע קינדער פונפאָרנט געשטעלט
און דערנאָך די פאַבריק,
און דערנאָך דער זאַוואָד,
און אַ ריי נאָך אַ ריי צום גאָרטן אַוועק.

# אַ בריוו פון דײַטשישע קינדער

טײַערע כאַווײרים!

מיר ווילן אײַך דערצײלן, וואָס בײַ אונז האָט זיך געטראָפֿן דעם ערשטן מאַי.

דער טאָג איז אויסגעפֿאַלן ווײַער אַ שײנער. אַלע אַרבעטער־קינדער פֿון אונזער גאַס, אָנגעטאָן יאָנטעװדיק, מיט רויטע פֿאָנען אין די הענט, זײַנען אַוועק אַפֿן שפּאַציר.

נאָר אײן אינגל איז פֿאַרבליבן אינדערהײם. ס'האָט אים ווײ געטאָן אַ פֿוס. איז ער געשטאַנען בײַם פֿענצטער מיט אַ רויטער פֿאָן אין דער האַנט. פּלוצים זײַנען פֿון ערגעץ אָנגעלאָפֿן אַ פּאָר פֿאַשיסטן און אַרויסגעריסן בײַ אים די רויטע פֿאָן.

דאָס אינגל האָט אָנגעהויבן שרײַען. אַף זײַנע קוילעס זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן עלטערע אַרבעטער. מען האָט זיך געלאָזט נאָך די פֿאַשיסטן און אָפּגעשלאָגן בײַ זײ די רויטע פֿאָן.

ווער זײַנען די פֿאַשיסטן?

אַ ר ב ע ט: שרײַבט אַן אַ בריוו צו די דײַטשישע קינדער.

# פּיאָנערן־ליד

אײנס, צוויי, דרײַ,
פּיאָנערן זײַנען פֿרײַ, —
מיר קעמפֿן פֿאַר די אַרבעטער.
קעגן שקלאַפֿערײַ.

נידער מיט די רײַכע,
נידער מיטן געלט.
מיר וועלן מיט די אַרבעטער
בויען אַ נײַע וועלט.

# מיר פאָרן אין „קינדערלאַנד“

אױפן האָדסאָן
שװימט אַ שיף.
שנײדט די כװאַליעס
שױמיק, טיף.

אױפן שיף
אַ קינדער־ראָד
גײט אַרױס אין אַ
קאַראַהאָד.

זינגען כװאַליעס,
שפּרינגען אױך,
װי די קינדער
אין דער הױך.

און די קינדער
אױפן דעק
קוקן פרײלאָך
אױפן ברעג.

פליען פײגל
איבער זײ,
קלינגט דער דעק
מיט פרײד־געשרײ.

פרײד פון קינדער
אױפן טײך.
עלטער, יונגער —
אַלע גלײך!

אַלע קעמפּערס
האַנט אין האַנט —
קינדער פאָרן
אין קינדערלאַנד.

1. װאָס װעט איר טאָן זומער?
2. װאו װעט איר זײן זומער?
3. װיפל קינדער װעלן פאָרן אין קעמפּ?
4. געפינט אױס, װער עס איז געװען אין קעמפּ, און בעט צו דערצײלן װעגן דעם.



אונזער קעמפּ „קינדערלאַנד“.

# קינדער

ביילאגע

## אנפאנגער לערנבוך
## פאַרן ערשטן יאָר

ביילאגע צו פערטער רעווידירטער אויפלאגע


צוזאמענגעשטעלט פון:

ד. טאראַנט און ב. פרידמאַן





פארלאג

אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן

80 פינפטע עוועניו

ניו יאָרק, 1933

# פּאַפּאַ פון שאַפּ

גיט זיך די טיר אַן עפן,
גיט די טיר אַ קלאַפּ.
— מאַמע! דאָס איז פּאַפּאַ,
פּאַפּאַ פון דעם שאַפּ!

מאַלעס פּאַפּאַ אַרבעט,
אַרבעט שפּעט אין שאַפּ.
וואַרט מאַלע אַלעמאָל,
די טיר זאָל טאָן אַ קלאַפּ.

---

פּאַפּאַ — פון שאַפּ
מאַמע — — — —
אַלע עסן.

# דער ערשטער מאַי.

טאַטעס און מאַמעס,
און קינדער — צוזאַמען.
און איבער די קעפּ —
רויטע פֿאָנען, ווי פֿלאַמען.

טאַטעס און מאַמעס,
און קינדער — מיט לידער.
אומעטום קעמפֿן היינט
אַרבעטער-ברידער!

רופֿן די לידער,
פֿירן די פֿאָנען
קעגן די רייכע —
די אַרבעטער-סאָנעס!

רופֿן די פֿאָנען,
פֿירן די לידער
צו פֿרייד און צו פֿרייהייט
די אַרבעטער-ברידער!

# אַן איינפֿאַל

פֿריידעלעס טאַטע אַרבעט אַף אַ פֿאַבריק. עטלעכע טעג פֿאַרן ערשטן מאַי איז דער טאַטע געקומען אַהיים און האָט דערציילט, אַז דעם ערשטן מאַי וועט ער מיט אַלע כאַווערים פֿון פֿאַבריק גיין אין גאַס אַף אַ דעמאָנסטראַציע. ער האָט דערציילט, אַז אַלע, אַלע אַרבעטער וועלן גיין אין די גאַס מיט לידער, מוזיק און מיט פֿאָנען.

און פֿריידעלען האָט זיך אויך פֿאַרוואָלט גיין מיטן טאַטן.

# סאָוועטן פאַרבאַנד.

ס'איז דאָ אַ לאַנד אָן נויט, אָן הונגער,
אַ לאַנד פון פרייהייט און פון פרייד.
און יעדער אַרבעטער און פויער
דאָרט אין לאַנד אַ שטאָלצער גייט. . .

ס'איז דאָ אַ לאַנד אָן באַלעבאַטים,
צום אַרבעטער געהערט דאָרט אַלץ!
ס'קאָן קיינער דאָרט אין לאַנד ניט רויבן
פון אַרבעטער דאָס ברויט מיט זאַלץ! . .

ס'איז דאָ אַ לאַנד אָן רייכע הערשער,
וואָס האַלטן אַרבעטער אין גראַטעס!
ס'איז דאָ אַ לאַנד, וואו זוכן אַרבעט
דאַרפן ניט מיליאָנען טאַטעס!

ס'איז — לאַנד פון אַרבעטער און פויער!
ווען דעם לאַנד איך טראַכט און טראַכט:
ס'דאַרפן קינדער ניט פאַרקויפן
צייטונגען דאָרט שפּעט באַנאַכט.

ס'דאַרפן קינדער דאָרט ניט שלאָפן
אויף דער גאַס אין קעלט און שניי, —
לערנען זיי און זיינען פריילעך:
אַלץ אין לאַנד געהערט צו זיי!

דאַרפן מיר דאָס לאַנד, דאָס פרייע,
אָפּהיטן, ווי אויג אין קאָפּ,
פון די שלעכטע באַלעבאַטים
נעם די אויגן ניט אַראָפּ! —